פערלאַג „לעבען".

ז. סעגאַלאָוויטש.

# א לעגענדע וועבט זיך.





מאסקווא.
דרוקעריי „עתיד", לאַלין פער. 19, טעל. 33-63,
1918.

# אַ לעגענדע וועבט זיך.

אַ בּצהײַמע געשיכטע איז דאָס געװען און אַזוי איז דאָס פערבּליבּען בּיז'ן הײַנטיגען טאָג. וואָס אַ יאָהר פערגעהט, אַלץ גע־דיכטער ווערט דער נעבּעל־שלײַער אַרום דער געשעהעניש, עס וועלען אַוועקגעהן נאָך פיעל יאָהרען און עס וועט בּלײַבּען אַ לע־גענדע.

אַ שעהנע, טרויעריגע לעגענדע...

געווען איז דאָס מיט צעהן יאָהר צוריק. אין יאַנאָװצע האָט אַ לאַנגע צײַט געלעבּט אַ דעמיסיאָנירטער גוואַרדיע־פּאלקאָווניק. צי ער איז שוין זעהר אַלט געווען האָט קײַנער ניט געוואוסט, ווײַל ער האָט געפאַרבּט די האָר פון קאָפּ און די וואָנסען, נאר שלאַנק און שטאַרק איז ער געווען, ווי אַ יונגער אָפיציר. אין שטעדטעל האָט מען פאַר איהם זעהר מורא געהאַט, און נאָך מעהר האָט מען געציטערט פאַר זײַנע הינט, וועלכע פלעגען איהם אומעדום בּעגלײ־טען.

ער האָט זיך גע'חבר'ט מיט צוויי־דרײַ שליאַכציצעס פון דער אומגעגענד, די פלעגען קומען צו איהם און ער פלעגט פּ אָ ה ר ע ן צו זײַ. מען פלעגט קײַנמאָל ניט זעהן ער זאָל אַמאָל לאַכען אָדער פרעהליך פערברײַנגען. מען האָט דערצעהלט, אַז אין פּעטערבּורג, וואו ער האָט פריהער געדיענט, איז מיט איהם „עפּעס" פאָרגעקו־מען, און צוליעב דעם „עפּעס" האָט ער געמוזט פערלאזען זײַן פּאָלק און קומען אין זײַן „גוט" קײַן יאַנאָװצע.

אײַנמאָל אָנפאַנג ווינטער איז דער פּאָלקאָווניק פערשוואונ־דען געוואָרען פון שטעדטעל. אַלע האָבּען געמײַנט, אַז ער איז אַוועקגעפאָהרען צו די שלאַכציצעס אויף „פּאָלעװאַניע", נאר יאַנעק

דער בריעף-טרעגער, דער יאַנעק, וואָס פלעגט וויסען אַלע סודות פון שטעדטעל, און ניט בלויז פון שטעדטעל נאָר פון דער גאַנצער וועלט, דער יאַנעק, וואָס פערשטעהט כמעט אַלע שפּראַכען און רעדט יודיש ניט ערגער פון פויליש, דער זעלבער יאַנעק האָט דערצעהלט, אַז דער פאָלקאָווניק האָט בעקומען פון פעטערבורג אַ דעפּעשע און איז גלייך אַהין אַוועקגעפאָהרען.

וואָס זשע איז דאָרטען געווען אין דער דעפּעשע? אויף דעם האָט יאַנעק געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: „מען טאָר ניט זאָגען". אַ סברה, אַז יאַנעק האָט ניט פערשטאַנען וואָס דאָרט איז געשריבען געווען, נאָר ער האָט געפונען אַ גוטע געלעגענהייט זיך אַרויסצודרעהען. „מען טאָר ניט זאָגען!"

מען וואָלט דעם פאָלקאָווניק פערגעססען אויף זיכער. נאר אין גיכען האָט ער זיך ווידער בעוויזען אין יאַנאָווצע, און שוין ניט אַליין: איהם פלעגט אויף זיינע שפּאַצירען אונטער'ן שטעדטעל בעגלייטען אַ שעהנע פרוי, זי האָט זעהר רייך און שטאָלץ אויס-געזעהן. ביידע פלעגען זיי פאהרען רייטענדיג. יעדען טאג פלעגען זיי אַזוי פאהרען, מען פלעגט זיי נאכשפּירען און נאכקוקען אונ-טער'ן שטעדטעל, אַמאל פלעגען זיי פאהרען איינס נעבען צווייטען זיי פלעגען זיך פאַר די הענד נעהמען און לאַנגזאַם פאהרען אויף די ווייטע פעלדער און אַמאל ווידער פלעגען זיך די פערד פאַר-נאַנדעריאגען אין אַ ווילדען גאַלאפּ, דער שנייַ פלעגט זיך פון פעלד אויפהויבען ווי אַ זילבערנער שטויב און די צוויי מענשען שרייען און לאַכען פון אַ ווילדע אומפערשטענדליכע פרייד...

דער פאלקאָווניק לאַכט...

מען האט עס איינער דעם צווייטען איבערגעגעבען, מען האט געוואלט טרעפען ווער איז עס די שעהנע אומבעקאַנטע, נאר אַלע רעטהענישען האבען ניט געהאלפען, קיינער האט גארניט געוואוסט און יאַנעק, דער בריעף-טרעגער, האט אויך גארניט געוואוסט. חאטש ער פלעגט מאַכען אַזעלכע געהיימע מינעס בעת מען פלעגט ביי איהם פרעגען וועגען דער אומבעקאַנטער.

עס איז אַזוי אַוועק דער ווינטער, דער שנייַ אויף די פעל-דער האט זיך אנגעהויבען ריהרען, נאָר די צוויי רייטערס פלעגען זייער שטענדיגען שפּאַציר ניט אבהאַלטען. דער פאלקאווניק האט זיך שוין אפילו מיט זיינע פריהעריגע בעקאַנטע שלאַכציצעס אויך ניט בעגעגענט. דאָס הויז זיינע ביי'ם סאַמע עק פון שטעדטל איז געווארען אַ געהיימניס פאַר אַלע פאַרבייגעהער.

עס איז אנגעקומען דער ערב פסח. עס האט גענומען שטאַרק רעגענען, וואו נאר אַביסעל שנײַ, אַ שטיקעל אײַז, אַלץ איז גיך צושמאלצען געווארען און אַזוי ווי יאַנאווצע ליגט אין טהאל איז במעט דאס גאַנצע שטעדטל געשטאַנען אין וואַסער. אין מיטען שטעדטעל איז פאַרהאַן אַ גראבען. דעם גאַנצען זומער פליסט דארט אַ קלײַן שלײַנגעלע וואַסער נאָר אין אַ שלאַקס־רעגען ווערט דער גראבען פול מיט וואַסער, וועלכעס פליסט זעהר האַסטיג און ווילד.

אין אַזאַ שלאַקס־רעגען ערב פסח, האט זיך דאס גאַנצע שטעדטעל בעהאַלטען אין די הײַזער און אינוועניג האט מען גע־הערט, ווי עס גיסט און רוישט אויפ׳ן גאַס. עס איז געווען שרעק־ליך פינסטער, פלוצלונג האט מען אין עטליכע הײַזער דערהערט געוואַלדיג שרײַען און קוויטשען... און הינט האבען גענומען יא־מערן און בילען...

דעם פאלקאווניק׳ס הינט... עס זענען אַרויסגעלאפען מענשען מען האט גענומען זוכען. און אין דער שרעקליכער בלאטע און פינסטערניש האט מען געפונען דעם פאלקאווניק, וועלכער האט זיך אנגעהאַלטען בײַ אַ פאַרקאַן טיעף אין וואַסער. ער איז געווען שיכור, נאר דערבײַ האט ער געשריען, אַז אין וואַסער ליגט אַ פרוי, זי איז מיט איהם צוזאַמען אַרײַנגעפאַלען...

מען האט געזוכט ביז שפעט אין דער נאַכט און קײַנעם ניט געפונען, דעם פאלקאווניק האט מען אַ קראַנקען און נאַסען אַוועק־געטראגען אין זײַן הײַם, וואו מען האט אויפ׳ן טיש געפונען עטלי־כע לעדיגע פלעשער פון ווײַן...

אין דער פריה האט מען געפונען דעם טויטען קערפער פון זײַן שטענדיגער בעגלײַטערין.

דאס וואַסער איז אבגעלאפען, די ערד איז געווען אַרומגע־צוואגען און אבגעפרישט נאכ׳ן לאַנגען ווינטער און אין לעדיגען גראבען, איז זי געלעגען די אומבעקאַנטע מיט פאַרנאַנדערגעלאזטע האר, מיט ברײַט אויפגעעפענטע אויגען און געקוקט אויף די נײַ־געריגע, וואס זענען זיך צונויפגעלאפען פון שטעדטל.

און דאַן איז דאס געהײַמניס נאך גרעסער געווארען, די טויטע מיט די לאַנגע אײַדעלע פינגער, אויף וועלכע עס האבען בריליאַנ־טענע רונגען געבליצט, האט אַלעמען געשראקען און געצויגען צו זיך, מען האט געזוכט אַ נאמען, אַ סימן אויף די וועש, נאר מען האט גארניט געקענט דערגעהן.

פון וואַנען איז זי געקומען? וואו זענען איהרע נאַהגטסע? עס איז געבליבען איינער ביי וועמען מען האט אַלץ געקענט דערגעהן — דער פאלקאווניק. נאר ער איז געלעגען קראַנק, און איינמאל האט מען זיך דערוואוסט, אַז דער קראַנקער האט זיך אויפגעהאַנגען.

און יעדעס מאל ווען אין יאַנאווצע גיסט אַ שלאַקס-רעגען און דער גראבען ווערט פול, הויבט מען אן דאַן רעדען, פון דער געהיימער דערטרונקענער, מען רעדט פון איהר וייסען צאַרטען לייב, פון איהרע לאַנגע האר און לאַנגע אַריסטאקראַטישע פינגער מיט די בריליאַנטען. מען דערמאהנט די שרעקליכע נאַכט, ווען מען האט דעם פאלקאווניק געראַטעוועט.

און מען פרעגט אַלץ: ווער איז זי געווען? פון וואַנען קומט זי?

און יאהרען געהען, וואַסערען קומען און פערשוואונדען — דאס געהיימניס ווערט ניט ענדעקט, און די צייט וועבט איין לעגענדע נאך דער צווייטער איבער דער געשעהעניש...



# ציגיינער.

ביי טאַרלאָווסקין אין הויז, וועלכעס שטעהט שטענדיג אַ גאַנצען ווינטער לעדיג, האבען זיך היינטיגען הערבסט, באַלד נאך דעם, ווי די לעטניקעס זענען אַוועקגעפאהרען, אַריינגעצויגען ציגיינער. טאַרלאווסקי'ס הויז שטעהט אויפ'ן באַרג דאס לעצטע אויפ'ן וועג, און ווייטער אַרום און אַרום ציהען זיך וועלדער. ווינטער געהט דארט קיינער ניט פערביי און קיינער פאהרט דארט ניט,— די ציגיינער האבען זיך אויסגעקליבען אַ גרויסאַרטיגען נעסט: קיינער וועט זיי דא ניט שטערען. די חברה איז בעשטאַנען פון עטליכע פאַמיליעס מיט אַ גאַנצע מחנה קינדער הינט און עטליכע פערד מיט צעפּעלעך, אין וועלכע עס זענען איינגעפלאכטען רויטע און גרינע סטיינגעס, קיינער האט ניט געוואוסט פון וואַנען די ציגיינער האבען זיך דא מיט אַ מאל גענומען: די עלטערען האבען אנגעהויבען פעסטער צו פערשליסען די טהירען, די קינדער זענען נייגעריגער געווארען. דאס גאַנצע שטעדטעל האט עפּעס אַנ'אַנדער פּנים בעקומען: מען האט זיך געשראקען. עפּעס אַ געהיימניס האט פערשלייערט דעם באַרג, וועלכער שטעהט פון אייביג אָן, ווי אַ שומר און קוקט אַראב אויף די הייזער און אויף די מענשען, וועלכע איילען הין און צוריק איבער דער ברייטער מאַרק-גאַס.

די ערשטע גנבה האבען זיי געמאַכט ביי טאמטשיקען: זיי האבען צוגענומען ביי איהם אַ יונגען פערד. מען האט פערשטאַנען, אַז דאס האבען איהם די ציגיינער בעגנבט. דער וואָיט מיט'ן סאָלטיס און נאך עטליכע מעשצאַנעס האבען זיך אַוועקגעלאזען צו טאַרלאווסקי'ן אויפ'ן באַרג. די ציגיינער זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען: די מענער האבען געשוואָרען און געשאקעלט מיט די קעפּ: „ניין און ניין". זיי ווייסען פון גארניט צו זאגען. די פרויען ווידער האבען געריסען די האר פון קאפּ, זיך געשאלטען און גע-

ווייַנט. עס איז געוואָרען אַ מאָדנער ליאַרם אויפ'ן באַרג. די ציגייַנער האָבען מורא געהאַט פאַר קלעפּ, דעריבער האָבען זיי זיך אַזוי פערטיידיגט און אַלעמען אַרומגעפיהרט אַרום גאַנצען הויף, אַרייַנגעפיהרט דעם עולם אין שטאַל אַרייַן און געוויזען די עטליכע פערד. דאָס גע'גנב'עטע פערד איז אין ערגיץ ניט געווען. דער וואָיט איז אַ קורצע צייַט געשטאַנען, געטראַכט און צום סוף גענומען געהן צוריק... וואָס קאָן מען דאָ טהון? בייַ דער האַנד האָט מען זיי ניט געכאַפּט און כאָטש דאָס זענען ציגייַנער, אָבער שלאָגען אומזיסט טאָר מען ניט. דער עולם האָט זיך אַראָבגעלאָזען פון באַרג, טאָמטשאַק האָט געשוויגען, ווי אַנ'אָבל. זייַנע געדאַנקען זענען ערגיץ ווייַט געווען, ווען ער וואָלט זיך ניט געשעהמט איצט, וואָלט ער זיך פאַרנאַנדער געווייַנט — אַזאַ בענקשאַפט האָט איהם אָנגעכאַפּט נאָך זייַן יונגען קאַשטאַן.

יעדען טאָג איז איצט געשעהן אַ נייַע גנבה, מען האָט זיך ניט געקאָנט אייַנהיטען פון די שוואַרצע ברואים. פלעגט ווער פון זיי אַרייַנגעהן אין אַ געוועלב, האָט מען געמוזט מיט אַלע אויגען אַכטונג געבען, און צום סוף פלעגט מען זיך אַרומזעהן, אַז עס פעהלט עפּעס.

די ציגייַנער פלעגען אַרומגעהן וואַרפען קאָרטען פון שטוב צו שטוב. און דער, וואָס פלעגט זיך שעמען פאַר אַלעמען אין די אויגען פרעגען בייַ דער ציגייַנערין זייַן מזל, יענער פלעגט זיך פאַרזיכטיג אַרויסגנב'ענען צו טאַרלאַווסקען אויפ'ן באַרג און דאָרט אויספרעגען בייַ דער ציגייַנערין אַלץ, וואָס איהם איז נויטיג געווען, און די ציגייַנערינס פלעגען שוין אַזאַ קונד ביליג ניט אָבלאָזען.

די אָרעמע סימעלע, בייַ וועלכער די טעכטער זענען אַוועקגעפאָהרען אין די „אַמעריקעס״ און פערפאַלען געוואָרען, די סימעלע איז אויך געקראָכען אַנ'אייַנגעבויגענע אויפ'ן באַרג צו די ציגייַנער. דעם ערשטען טאָג האָט זי בייַ זיך געהאַט ניט מעהר, ווי עטליכע גילדען; די ציגייַנערקע אָבער, בייַ וועלכער סימעלע האָט געבעטען זי זאָל איהר זאָגען, וואו איהרע טעכטער זענען, — האָט איהר געהייסען ברייַנגען מעהר געלט, ווייַל אַנדערש וועלען די קאָרטען ניט אָנווייַזען. אויפ'ן צווייטען טאָג האָט שוין סימעלע געבראַכט גאַנצע צוויי רובל. דאָס ציגייַנערקע האָט צוגעכאַפּט דאָס געלט און, האָט מיט ערנסט און געהיימע מינעס גענומען אויסלעגען די קאָרטען, דערנאָך האָט זי די קאָרטען מיט כּעס אַ שלייַדער געטהון אָן דער ערד און געזאָגט אַז מען מוז מאַכען כּשוף: סימעלע האָט זיך

געשראקען און געשוויגען, דערווייל איז די ציגיינערין אַריין אין אַ צווייטען צימער און פון דארטען אַריינגעקומען מיט צעשויבערטע האר, מיט אויסגעגלאנצטע אויגען, זי האט געהאַלטען אין האַנד אַ סלאי, אין סלאי האט עפעס אַרומגעסאַנצט. די ציגיינערין האט גערעדט אונפערשטענדליכע ווערטער, צוגעלעגט דעם אויער צום סלאי, ווי זי וואלט זיך איינהערען, וואס מען רעדט צו איהר אַרויס פון דארטען און דערנאך האט זי אַוועקגעשטעלט דעם סלאי אויף ד'ערד, פון דארטען איז אַרויסגעשפרונגען אַ זשאַבע. סימעלע האט זיך שטאַרק דערשראקען און צוגעמאַכט די אויגען. די ציגיינערין האט איהר בערוהיגט און איהר געזאגט, אַז אויב זי וויל וויסען אויף ריכטיג, וואו איהרע טאָכטער זיינען, זאל זי ברייגנען וויפיעל געלט זי האט, אויב ניט וועט זי שטאַרבען און פון איהרע טעכטער גארניט וויסען.

אין עטליכע טעג אַרום האט שוין דאס גאַנצע שטעדטעל געוואוסט, אַז די ציגיינער האבען אויסגענאַרט ביי סימעלען די גאַנצע אַכצעהן רובל, וואס זי האט צונויפגעקליבען ביי די לעטני־קעס איבער'ן זומער. און ווען זי האט זיך ערגיץ־וואו אַנידערגעזעצט און אויסגעשטרעקט די האַנד פלעגט מען זי אַוועקטרייבען מיט די ווערטער;

— געה, צו די ציגיינער! און אַלע קינדער פלעגען זיך מיט איהר רייצען מיט די זעלבע ווערטער.

די ציגיינער וואלטען נאך לאַנג אַזוי געהערשט איבער דער געגענד, נאר זיי האט פאַסירט אַנ'אומגליק: אין די ערשטע ווינטער נעכט האט זיך איינער פון דער ציגיינער־חברה גע'גנב'עט פארזיכ־טיג צו פיסוליעס פערד־שטאַל. אַרום איז זעלטען שטיל געוועזן, אַ האַלבע לבנה האט אַראבגעקוקט אויף די פערשנייטע ביימער, מיליאַר־דען קאַלטע פונקען האבען געבליצט אויף דער ערד... דער ציגיינער איז שוין גאר נאהנט געוועזן צום שטאַל; זיינע שוואַרצע אויגען האבען זיך אַרומגעקוקט ווי אַ ווילדע חיה, אט איז ער שוין צו צום שטאַל, אויפגעעפענט די טהיר און געוומען אַריינגעהן אינע־ווייניג, האט זיך אין דער רגע דערהערט אַ שאס, אַ געשריי און אַ געלעכטער, דער ציגיינער איז אַרויסגעלויפען אהן אַ היטעל, אפען דעם מויל און זיין האַנד האט ער געהאַלטען אויפ'ן האַרצען. ער איז געלאפען און געפאַלען לויפענדיג. דערנאך איז ער שוין גע־פאַלען צום לעצטען מאל. געדרעהט זיך אויפן שניי, געראַנגעלט מיט'ן שרעקליכען וועהטאג און אויסגעצויגען די פיס. . .

אין דער פריה זענען אַלע אין שטעדטעל געלאָפען אויפ'ן פעלד אונטערן באַרג, וואו דער ציגיינער איז געלעגען מיט פערג־לאנצטע אויגען צום הימעל און פערקריצטע ציין. אַרום איהם זענען געשטאַנען די איבעריגע, די הענד פערלייגט אויף די הערצער און געקוקט אויפ'ן טויטען, די ציגיינער האבען עפּעס געמורמעלט און געוויינט. . .

דער שניי איז געווען אויף אַ לאַנגע שטרעקע פערבלוטיגט אין צעטראטען. מענשען האבען דא אַלץ בעקוקט און בעטראַכט. מען האט געוואוסט, אַז דאס האט פּיסולע דערשאסען דעם ציגיי־נער, נאר דאך האט אַלעמען די געשיכטע אויסגעזעהן געהיימער און שרעקליכער. . .

אין דעם זעלבען טאג האבען די ציגיינער פערלאזען טאַר־לאוואָקס גרויסע „כאַלופּע״, זיי האבען אויך מיטגענומען זייער טויטען חבר. ביי'ם אַרויספאהר האבען זיי זיך צעקריגט מיט עט־ליכע מעשצאַנעס. זיי האבען זיך געזידעלט און בעוויזען פויסטען. אין עטליכע טעג אַרום האט בייַנאַכט זיך אנגעצונדען אַ שייַער, מען האט די שרפה גיך איינגעלאשען. אַלע האבען פערשטאַנען, אַז דאס איז די ציגיינערס ראַכע. שפּעטער איז אבער שטיל געווארען מען האט די ציגיינער גיך פערגעסען, נור איין סימעלע די ארעמע, די האט אַלץ נעטרוימט און געוואַרט אויף איהרע טעכטער, וועלכע זענען ערגעץ פערשוואונדען געווארען אין די „אַמעריקעס״.



# מאטקע מיט די טויבען.

דאס שטעדטעל איז איינגעדעקט אין ווייסען, עס איז אַ שפּייפּער פרעסטעל. אויפ'ן גאַס שפּאַצירען זיך עטליכע יודען די הענד פערוקט אין די אַרבעל. מען שמועסט — גאט ווייסט פון וואס מען שמועסט! גלאַט אַזוי זיך גערעדט, אַריינגעוואָרפען אַ ווארט וועגען וועטער, וועגען יקרות און ווילענדיג נישט ווילענדיג הויבט מען אויף די אויגען צום הימעל און אַ מאדנע רוהיגע פרייד כאַפּט אַרום יעדענס נשמה: די לעצטע טעג פון שבט. . . דאס פרעסטעל שרעקט שוין נישט. די קלאָרע בלאָהקייט פון הימעל גיסט זיך צענויף מיט דער ווייסקייט פון דער ערד. די זון בלענדט די אויגען מיט איהרע ערשטע וואַרעמע שטראַלען.

פאהרט אן אַ וואגען מיט האָלץ אויפן גאַס, ווערט אַ גאַנצער יריד, עס בעווייזען זיך מיט אַמאל אַזויפיעל אידענעס, קינדער און מען לאַכט, מען .וויצעלט זיך איבער'ן פויער. . . אַ יונגעל קלעטערט אַרויף אויף דער פוהר, אויף די קלעצער, וועלכע שמעקען נאך מיט אַזויפיעל פרישקייט פון ווינטערדיגען וואַלד. דאס יונגעל פאַרטרוימט זיך אויף אַ רגע, ווען ער טראַכט וועגען וואַלד: עפּעס מוז דארטען זיין שרעקעדיג און גוט צווישען די פאַרשנייטע בוימער, און דער שטיפער איז מקנא דעם פויער; ער קוקט אויף איהם, ווי אויף איינעם פון אַנ'אַנדער וועלט.

די פוהר האלץ ווערט פאַרקויפט, די גאַס ווערט לעדיגער, אין דער קאַלטער לופט שוועבט דורך אַ געשריי פון אַ קראה, אַ טרעל פון אַ ווינטער=פויגעל און שאַ!

דערנאך בעווייזט זיך אויפ'ן וועג אַ וואַסער=טרעגער, די עמערס זענען איינגעהילט אין פראסט=גלאַזור. די הענט אין גרויסע משונ'הדיגע הענטשקעס, דער קאפּ איינגעוויקעלט, איינגעדרעהט אין שמאַטעס: דאס איז ראָמאַן דער שטומער פאַסטוך! ווינטער טראָגט ער וואַסער, ער זעהט אויס ווי אֶ בער. וואס איז אַרויס=

געקראכען פון זיין ווינטערדיגער נאָרע; באַלד ווערט ער פאַרפאַלען און אַרום ווערט שטיל.

אָט אַזוי געהט דאס לעבען אויפן גאַס. אין די הייזלעך אין די נידעריגע דורשט און צאַפּעלט זיך דאס לעבען; קינדער שטיפען ביי אַ וואַרעמען אויוועלע, די מאַמעס גרייטען צו דעם מיטאג און די בעלי=מלאכות, אַרבייטען.

מאָטקע דער שוסטער זיצט ביי זיין טישעל און קלאַפּט מיט'ן העמעריל, זיין לערן=יונג אַרבייט אויך פלייסיג. ביידע זינגען זיי. מאָטקע איז די ערשטע שטימע און דער לערן=יונג — די צווייטע שטימע. הויבט מאָטקע אן:

— „פאַננאַ מאַריאַנאַ,
וואַס האַבען זי געמאַכט?
ענטפערט דער געזעלען מיט אַ דין קול'כעל:
— „יאַ ניע ספּאַלאַם
אַ גאַנצע נאַכט.

און די קינדער, וואס שפּילען זיך ביים וואַרעמען אויוועלע העלפען=מיט, עס ווערט אַ גאַנצער כאָר. מען הערט דאס זינגען הערט=וויים אויפן גאַס, און מאטקעס העמערל קלאַפּט צו צום טאַקט. מאָטקעס ווייבעל, שפרה, איז שטענדיג ביי'ן אין קראַנק, זי האט אַ פּנים שוואַרץ ווי די ערד און שאַרף ווי אַ האַק=מעסער. נאר בעת מאטקע זינגט, שווייגט זי און טראַכט דערביי: זאל ער זינגען! אַבי אַרבייטען זאל ער, אַבי נישט אַדומלויפען מיט די טויבען.

דאס געדויערט אבער נישט לאַנג: אין פאַרפרוירענעם פענס=טעריל הויבט אן ווער צו פּוקען מיט די פינגער און עס דער=הערט זיך פון גאַס אַ יונגעלשע שטימע:

— מאָטקע, מאטקע! גיכער, קומט אַרויס... אַ פרעמדער פליהט, אַ פרעמדער.

פאַר דעם, וואס איז נישט בעקאַנט מיט'ן לשון פון די טוי=בען=שלעגער, איז דאס ווארט: „אַ פרעמדער" אומפערשטענדליך גאָר פאַר אַ טויבען=שלעגער איז דאס אַ סיגנאַל צום קאַמפף, דאָ טאָהר קיין רגע נישט פאַרלארען געהן: אַ טויב איז אַ פויגעל און אַ פויגעל האט פליגעל...

אַז עס בעווייזט זיך אונטער'ן הימעל אַ פרעמדע טויב מוז מען זי זעהן פאַרנאַרען, פאַרלויערן צו זיך אין טויבען=שלאַק.

איין מינוט און מאטקע איז שוין אויפן בוידעם. אויפן דאַך

פליהען אַרויס באַלד פיעל טויבען. מאטקע אַליין לויפט אַרויס אויפן גאַס; אין די הענט האַלט ער טויבען, אין קעשענע—טויבען און אין בוזעם דאס זעלבע. די אויגען גלאַנצען ביי איהם, ווי ביי אַ משוגענעם, קוים וואס ער שרייט אויס:

— וואו איז דער פרעמדער? פרעגט ער ביים יונגעל, — וואו איז דער פרעמדער?

און ער לאזט זיך אַוועק איבער'ן גאַס און וואַרפט אין דער לופטען איין טויב נאך דער צווייטער און גלאָצט אין דער הויך מיט די אויגען. איינער וואלט טראַכטען, אַז אליהו הנביא אויף אַ גאלדענעם רייט=וואגען לאזט זיך פון הימעל אַראב... און דא איז אַ געוועהנליכע טויב, אַ פויגעל אונטערן קלארען הימעל!

— אַי מאטקע, מאטקע! אַ טאַטע פון קינדער זאל זיך אַזוי נאַריש מאַכען.

עס שטראפען איהם די שכנים און מאטקע הערט עס גאַנץ רוהיג אויס. אַמאל פאַרשעמט ער זיך און טראגט זיך אַוועק אַ נישסיגער פון די אויגען.

די טויבען זענען ביי איהם דאס לעבען, ער האט אַרום זיך אַ גאַנצע מחנה יונגלעך און שקצים וואס העלפען איהם...

דער „פרעמדער" איז שוין צוגעשטאַנען צו מאטקעס טויבען, ער לאזט אַלץ נידריגער אַראב, מאטקע פייפט און רופט אַראב זיינע קאָלירטע פייגעלעך ער פאַר'גנב'ט זיך אונטער'ן פאַרקאן און קוקט פון דארטען נאך... ווען די טויבען שטעהען שוין אויפן דאַך, פאַרנאַרט מען זיי מיט אַרבעס אין טויבען=שלאַק און דער פרעמדער איז שוין געכאַפט.

ערשט דאַן בעמערקט מאטקע, אַז עס איז שוין נאַכט און ער האט היינט אַזוי ווייניג געאַרבייט, ער געהט אַריין אין שטוב, ווי אַ פאַרזינדיגטער. שפרה, זיין ווייב זיצט און וויינט אויף איהר פינסטערן מזל און פון צייט צו צייט בעשענקט זי מאטקען מיט אַ קללה.

עס האט שוין געטראפען אַפילו אום שבת; דער עולם געהט דאַווענען, מאטקע אויך. פלוצלונג לויפט צו צו איהם אַ אינגעל און ווייזט איהם עפעס אָן אויף אַ דאַך. מען הערט נאר עטליכע ווערטער:

— אַ ווייסער מיט קאָסמאַטע פיסלעך.

די טויבען האבען צענדליגער נעמען, דאס איז אַ גאַנצע לעהרע.

מאטקע איז דאַן צוטומעלט געווארען. אויף גיך אַרויפגעלאָ־
פען אויפן בוידעם און ווידער גענומען יאגען זיינע טויבען ער
האט געפייפט און געקלאַפּט מיט די הענט, פאַרבייגעהער האבען
געמיינט, אַז ער איז משוגע געווארען.

אום שבת איז ער אַרומגעלאפען מיט אַ גרויסען דראָנג און
געיאָגט זיינע טויבען. עס איז דערגאַנגען צום רב, מען האט איהם
געשיקט רופען און געמוסרט.

דעמאלט האט ער זיך שטאַרק פאַרלאָרען און באַשלאָסען
צו פערקויפען אַלע טויבען.

געאַרבייט האט ער דערנאך אַ סך נאר אַזוי ביין איז ער
געווארען, נישט צו צוגעהן... דעם געזועלען פלעגען די קאָפּעטעס
פליהען אין קאפ אַריין, די קינדער מוזען שווייגען.

דאס אַלץ איז נאך גארנישט, שפעטער האט מאטקע אָנגע־
הויבען אַוועקגעהן פון שטוב און צוריק קומען אַ שכורער. שפרה
האט געזעהן, אַז עס האַלט שלעכט, האט זי איהם שוין אַליין גע־
בומען איינרעדען, ער זאל געהן צו יאַנעקען אין אבקויפען צוריק
די טויבען.

און אַזוי איז עס געשען.

לויפט מאטקע ווידער מיט די טויבען און נאך אַ טאג ווען
ער באַלאמוטשעט אַ סך אויפן בוידעם, ווערט ער פלייסיגער, ער
אַרבייט ביז שפעט אין דער נאַכט, ביסלעכווייז יאָגט ער אן זיין
צייט.

און אַז מען ברענגט פאַר דער אַרבייט געלט, געהט שפרה
איינקויפען, דאַן ברענגט זי אויך אַרבעס פאַר מאטקעס טויבען,
מאטקע קריכט ארויף אויפן בוידעם, מאַכט ריין דעם טויבען שלאַק,
שיט אָן אַרבעס און גיסט אָן וואַסער. ווען ער געהט אַראב זעצט
ער זיך ווידער צו דער אַרבייט.

עס איז שוין נאַכט די קינדער שלאפען, דאס ווייב זיצט
ביים אויווען און נעהט עפּעס פאַר די קינדער און צירעורעט...
ביידע שווייגען, מאטקעס העמערל קלאַפּט...

פלוצלונג רופט זיך מאטקע אן:

— די געלע „זיצט" שוין ווידער, אין גיכען וועלען שוין זיין
יונגע.

— דער חורקאפ האט זיך צעגויפגעפארט מיט דער ווייסער!
טאַקי? פרעגט שפרה — אין וואס איז מיט'ן רויטען „ער"?
האסט נאך אַלץ נישט פאַר איהם קיין „זי"?

מאַטקען פרעהס עס, וואס שרה אינטערעסירט זיך, און ער דערצעהלט איהר אַלץ:

— ביי „יאַנעקן", זאגט ער איז פאַרהאַן אַ רויטע „זיי" דאַרף מען אַריבערגעהן צו איהם אין עס אבקויפען, וועט דאס זיין אַ פּאָר רויטע.

דערנאך ווערט אין חדר שטיל.ביידע פאַרטראַכטען זיך און אַרבייטען. מען הערט נאר ווי די קינדער אָטהעמען אין שלאף און די טויבען אויפן בוידעם ברוקען.



# צוליעב אַ שטיקעל ערד.

דעם מלאך־המות קומט אַ דאַנק: ער האט איהם סוף־כל־סוף צוגענומען, דעם אַלטען בייַזען בעל־הבית פון אונזער וויליע.

איצט איז שוין שטיל, דער שטרייַט איז געענדיגט, און מיר לעבען רוהיג אונזער דאַטשע־לעבען.

געפיהרט האט די מלחמה אונזער בעל־הבית פאַן יוזעף סטאָדאָלסקי מיט דער אָרימער שכנה זייַנער, מיט דער פאַני בראָניסלאַווא — אַנ׳אלמנה מיט פינף קינדער.

און געקעמפפט האט מען צוליעב אַ פאַס ערד. וואס איז געווען האַרט בייַ דער גרעניץ פון אונזער וויליע.

פאַן יוזעף סטאָדאָלסקי האט זיך אין אַ שעהנעם טאָג דערמאָהנט, אַז דאס שטיקעל ערד געהערט איהם און נישט דער פאַני בראָניסלאַווא.

עס איז געווען אַ מלחמה מיט עקשנות און האַרצלאָזיגקייַט.

געזיעגט האט „פאַן יוזעף", נאָר עס איז געקומען דער מלאך־המות און אַרויסגעריסען בייַ איהם דעם זיעג.

„פאַן יוזעף" אָט דער עקשן פון יאַנאָוועצע, איז געווען דער רייַכסטער מעשצאַנין פון דער גאַנצער געגענד, זייַנע מאָרגעס ערד און זייַנע וויליעס צעהלט מען אין די צענדליגער, נאָר אַלץ איז איהם ווייניג געווען, שטענדיג פלעגט ער האַנדלען און אַלץ קויפען נייַע ערד, ווען מען זאָל אָט דעם קריסט לאזען, וואלט ער די גאַנצע וועלט צוגענומען פאַר זיך, מיט אַ מאדנער דורשטיגקייַט און אונזעטיגקייַט. פלעגט ער קוקען אויף זייַן שכנ׳ס שטיקעל פעלד...

און שטענדיג האט ער פראצעסען געהאַט מיט אַלעמען זיך גע׳משפט און כמעט אַלע מאל געוואונען, ער איז געווען אַ בקי, אין די ערד־געזעצען — נישט אומזיסט פלעגט ער שטענדיג זיך גריבלען אין די אַלטע נאָטאַריעלע אַקטען, ער האט שטודירט דאס ביסעל ערד פון זייַן געגענד.

שפּעטער ווען ער איז שוין אַלט געוואָרען, זענען ביי איהם די פּיס אבגענומען געוואָרען.

האבען זיך זיינע שונאים דערפרעהט, זיי האבען דערלעבט אַ שטיקעל נקמה.

נאָר זייער פרייד איז קורץ געווען:

פאַן יוזעף סטאָדראָלסקי, איז זיך געלעגען אויף זיין בעט און פון דאָרטען פערשאָטען די געריכטס־אַנשטאַלטען מיט נייע און נייע אָנקלאַגעס. ער האט שוין געהאַט זיינע ראַטה־געבער און עדות, וועלכע פלעגען קומען צו איהם אין דער היים.

אין אַ שעהנעם טאג, פלעגט מען איהם אַרויספיהרען אויף אַ ספּעציעלען וועגעלע, ער פלעגט דאַן אַרומשפּאַציערען פון איין מאַיאָנטעק׳ל אין צווייטען און קלייבען נחת... און בייזערן זיך שטענדיג אויף וועמען.

אינגאַנצען צופריעדען איז ער קיינמאָל נישט געווען.

און ווי קען מען עס זיין צופריעדען, ווען נעבען דיר לעבט אַזאַ בראָניסלאַוואַ מיט פינף קינדער און דערצו מיט עטליכע חזרים, וועלכע ברודיגען די גאַנצע וועלט.

האט פאַן יוזעף סטאָדראָלסקי געשיקט עטליכע מאל צו דער בראניסלאַוואַ, זי זאל איהם פערקויפען איהר שטיקעל ערד מיט דער חאַטע.

וויל זי נישט, צו וואס זאל זי עס פערקויפען? וואס וועט זי מאַכען מיט דאס ביסעל געלד? אַז מען האָט אַ שטיקעל ערד, איז מען דאך פאָרט ניט אַזוי עלענד.

אַ ירושה האט זי דאס שטיקעל ערד פון עלטער־עלטער זיי־דען. ניין, זי וועט עס נישט פערקויפען, פאַר קיין געלד נישט פער־קויפען.

דאַן האט „פאַן יוזעף" זיך גענומען גריבלען אין אַלטע אַק־טען, און ער האט זיך געהייסען אַרויספיהרען צום גרעניץ־פּונקט, דארט וואו עס הויבט זיך אן בראניסלאַוואַ׳ס ערד.

ער האט געמאסטען און גערעכענט. און דער סוף איז גע־ווען: אין געריכט איז אָנגעקומען אַ נייער „איסק", ער האט גע־מאָהנט ביי דער בראָניסלאַוואַ׳ן אַ שטיקעל ערד.

אט דא האט זיך עס אָנגעהויבען די מלחמה.

די בראָניסלאַוואַ האט זיך דערשראָקען, זי האט געוואוסט, אַז מיט פאַן סטאָדראָלסקע׳ן איז נישט קיין געלעכטער אָנצוהויבען.

איז זי געקומען צולויפען און געוויינט.

— וואס דאַרפסטו ווייַנען ? פערקויף!

אָט דאס איז געווען זייַן ענטפער.

די בראָניסלאַוואַ איז אַוועק פון איהם אַ בייַזע, ווי אַ שלאַנג. אַ מענש האט אַזוי פיעל ערד און איז שוין אַלט און דאך ווילט זיך איהם צונעהמען יענעמ׳ס. גאָט ליעבער! וואו איז דייַן גערעכ־טיגקייַט.

זי האט פערקויפט די חזרים און זיך גענומען אַנ׳אַדוואָקאַט. עס האט אָבער ווייניג געהאָלפען. פאַן סטאָדאָלסקי האט געוואונען. אין דער צווייטער אינסטאַנץ — דאס זעלבע.

זי איז געלאפען צו מענשען, צום קסיאָנדז. נאָר וואס אבער האבען זיי איהר געקענט העלפען — סטאָדאָלסקי איז אַנ׳־עקשן.

און עס איז געקומען אַ טאג, דער קאָמאָרניק איז זיך צוגעפאה־רען צו סטאָדאָלסקי׳ן, דעם אַלטען האט מען אַרויסגעפיהרט אויף זייַן וועגעלע, די באַקען זייַנען אייַנגעפאַלען בייַ איהם, ווי בייַ אַ בן־מות, די אויגען גלאַנצען פערדעכטיג, נאר אויף די ליפען לייַגט זיך אַ מיעדער שמייַכעל פון צופריעדענהייַט.

דער קאָמאָרניק מיט סטאָדאָלסקי׳ן אויף זייַן וועגעלע, עט־ליכע סטראַזשניקעס מיט׳ן וואָיט, — אט די גאַנצע פראָצעסיע לאזט זיך אַוועק צו דער בראָניסלאַוועס׳ן אויף איהר ערד.

מען נעהמט עפּעס מעסטען, מען בעדאַרף עטליכע נייַע סלו־פעס אין דער ערד אַרייַנשלאָגען — אַ נייַע גרעניץ.

פלוצלונג לויפט אַרויס די בראָניסלאַוואַ מיט די קינדער, מיט די קרובים און עס הויבט זיך אָן אַ געוויין, אַ געיאָמער. מען רייַסט זיך די האָר פון קאפּ, מען פאַלט דעם קאָמאָרניק צו די פיס און מען קושט איהם די הענד.

עס העלפט אבער גאר נישט, סטאָדאָלסקי האט זייַנס אויס־געפיהרט: די נייַע גרעניץ איז שוין בעפעסטיגט.

בייַנאַכט אבער, ווערען די קלעצלעך פון דער גרעניץ פער־שוואונדען, און עס הויבט זיך אָן אַזאַ טאָג־טעגליכע מלחמה. סטאָ־דאָלסקי׳ס מענשען שטעלען אַרייַן די סלופּעס, בייַנאַכט גנב׳עט זיי ווער אַרויס.

דער פּאַראַלעזירטער סטאָדאָלסקי איז אויסער זיך. ער האט מורא זיי וועלען ווייַטער פערציהען די „דיעלאָ״ און כל־זמן די סלופּעס שטעהען נישט איז ער נישט זיכער.

אט אַזוי האבען מיר יעדען טאג געהערט קללות און גע־וויינען.

דער סוף איז געווען אַזוי:

פאַן סטאָדאָלסקי איז אין דער פריה געקומען אויף זיין וועגעלע און געזעהן אַז די סלופעס פעהלען, האט ער דאַן געהייסען רופען דעם וואָיט מיט די סטראַזשניקעס און דערצו אַ סטאָליאַר.

דער סטאָליאַר האט איהם באַלד אויפ'ן אָרט געמאַכט אַ מין סכה — אַ שטעלכעל.

און דארט האט ער זיך בעזעצט אויף זיין נייער ערד.

עס האבען זיך אנגעהויבען די מאַיאָווע רעגענס, עס האט איהם אַריינגערופען פון אויבען און פון אונטען. און וויפיעל זיינע קינדער האבען זיך ביי איהם נישט געבעטען, ער האט נישט אָבגעטרעטען. טאג און נאַכט איז ער געלעגען אין שטאַל און געפוילט לעבעדיגערהייט, דאָרטען פלעגט מען איהם טראגען עסען און טרינקען.

פון דער בראָניסלאַווע'ן מיט איהרע קינדער האט ער כסדר געהאַט קללות און זיי האבען איהם טאַקי פערשאָלטען.

ער איז קראַנק געווארען, אין שטאַל האט געמוזט קומען דער דאקטער, דארטען האט ער אויך איינגענומען זיינע רעצעפּטען, די קינדער האבען מורא געהאַט, די בראָניסלאַוואַ זאל איהם פון פערצווייפלונג נישט אונטערצונדען, פלעגען זיי איהם היטען אין זיין שטאַל.

נאר די מלחמה האט זיך געענדיגט, ער איז בעשטארבען אויף זיין נייער שטיקעל ערד.

בעת מען האט איהם אַרויסגעטראָגען פון שטאַל, האט זיך די בראניסלאַוואַ צוגעגנב'עט צו זיין סכה, וואו ער איז געלעגען און עס באַלד צוהאַקט אויף פיצלעך.

ווי אַ ווילדע איז זי געשפרונגען מיט דער האַק און געהויהויבען אַלץ שטאַרקער, אַלץ שטאַרקער.

די האָר זיינען ביי איהר צופאַלען געווארען און די ליפען האבען פרעהליך־ווילד געברומט:

— מיין ערד, מיין טאַטענס, מיין זיידענס... מיינס, מיינס...

# ביים טייך.

די ווייכסעל האט זיך צוליעב דעם לייכטען ווינטער ניט גע־שטעלט; דאך שטיקער אייז דעקען צו דעם גאַנצען טייך און בע־וועגען זיך לאַנגזאַם איבער'ן וואַסער. קליינע און גרויסע קריעס בעהעפטען זיך און שווימען אינאיינעם און צושמעלצען אויף דער זון. אַנדערע דערנעהנטערן זיך צום ברעג, דריקען זיך צו איינס צו דעם צווייטען און בלייבען שוין אַזוי צוזאַמען.

לאַנגע שעה'ן געהען אַריבער, און מען זעהט ניט קיין מענ־שען ביים טייך. פון איין זייט — פוסטע האַלבע־ווייסע פעלדער און פון דער צווייטער די קאַזמערזשער בערג מיט'ן קאָשציאָל—שטיל .. אַ לייכט ווינדטעל טראַגט זיך איבער'ן וואַסער, עטליכע שטיקער אייז טונקען זיך אב... באַלד בעווייזען זיי זיך ווידער אין גלאַנ־צען נאך מעהר אויף דער זון. אַ קראָה גיט אַ געשריי אין דער לופטען, דערנאך אַ צווייטע און אַ גאַנצע מחנה שוואַרצע פויגלען מיט שוואַרצע גלאַנציגע שנאבלען לאזען זיך אראב צום וואַסער, זיי שטעלען זיך אויף די שווימענדיגע שטיקער אייז און שווימען מיט — ווייזט אויס, דעד ספארט געפעלט שטאַרק, זיי הערען ניט אויף צו קראַקען און שפרינגען פון איין שטיק אייז אויף דעם צווייטען.

דער טייך האט זיך ניט געשטעלט, און פאַר די עטליכע דערפער, וואס ליעגען אויף יענער זייט, איז דאס אַנ'אמת אומ־גליק: זיי זענען אָבגעשניטען פון דער וועלט — אַריבערפאָהרען איז געפעהרליך... נאָר אט קומען צו צום ברעג עטליכע מענשען: דער „פרזשעוואָזניק" איטשע און עטליכע פויערים. ר' איטשע איז אַרימ־געוויקעלט מיט אַ גרויסען שאַל, נאָר די אויגען מיט די ווייסע ברעמען זעהען זיך אַרויס; ער שטעלט זיך אַוועק און קוקט אַרום די גאַנצע געגענד און זידעלט־אויס אַ ביסעל דעם טייך, פאַרוואס ער ווערט ניט פערפרוירען... דערנאך נעהמט ער זיך אינאיינעם

מיט די פויערים אַרויסקריגען אַ שיפעל, וועלכעס איז צוגעבונדען צום ברעג. עס געדויערט ניט לאַנג, — אַ בויג דאס שיפעל אויף רעכטס, דערנאך אויף לינקס, און עס ריהרט שוין. ר' איטשע נעהמט דאַן איין רודער און איינער פון די פויערים דעם צווייטען. מען ריהרט זיך, דאך באַלד בלייבט דאס שיפעל שטעהן, ווי אַנ' איינגעשפאַרטע בהמה, וואס וויל ניט פון שטאַהל אַרויס — עטליכע שטיקער אייז האבען דעם וועג פערצוימט; דער פויער שטופט דאס שיפעל, ווערט איטשע אין כעס אויף איהם ער שרייט און רופט איהם „דורען" און אַליין נעהמט ער און שאַרט-אָב פון שיפעל איין שטיק אייז נאך דעם צווייטען, ביז דאס שיפעל נעהמט זיך אַליין בעוועגען...

לאַנג געדויערט ביז די עטליכע מענשען קומען צו צום צווייטען ברעג. זיי בלייבען אָפט לאַנג שטעהן אין מיט'ן טייך... פון ווייטען דוכט אויס, אַז זיי פערוואַרפען אַ נעץ.

ר' איטשע איז איינער פון די געצעהלטע, וואס נעהמען זיך אונטער אין אַזאַ צייט אַריבערשיפלען ווערמען. עט! פאַר „זיין" ווייכסעל האט ער קיין מורא ניט, אַ גאַנץ לעבען זיך אבגעשיפעלט און קיין אומגליק, געלויבט דער אויבערשטער, האט קיינמאל מיט איהם ניט פאַסירט. אַ שאָד נאָר, וואס די פינגער ווערען פערפרוירען, מען קאן קיין שמעק טאַבאַק ניט טהון.

ער פערברייינגט עטליכע שעה אויף יענער זייט אין אַ דאָרף און שפעטער זעהט מען שוין, ווי זיין שיפעל טאַנצט איבער די שטיקער אייז צוריק. אויפ'ן דעק ליעגט א יונג קעלבעל, וואס ער האט איינגעהאַנדעלט אויף שבת.

פאַר-נאַכט. דער פראָסט איז שטאַרקער געווארען, די זון פערגעהט און דער טייך איז רויט ווי בלוט.. די שטיקער אייז זעהען אויס, ווי דערטרונקענע וואס זענען אַרויסגעשוואומען אין דער הויך. שוואַרצע מחנות קראָהען הויבען זיך אויף און לאזען זיך אַראב און קראַקען אָהן אַנ'אויפהער, ווי זיי וואלטען זיך דא צונויפגעקליבען אויף אַ שרעקליכע סעודה; בעווייזט זיך אבער אויפ'ן הימעל אַ זילבערנער ס ַרפ, און שפיגעלט אב אין בלוטיגען וואַסער, אַנטלויפען דאַן ערגיץ די קראָהען, און די זון, וואס האט געפלאַקערט מיט אַזאַ גוואַלדיגען צארן, טראגט זיך אויך אב, און עס דוכט זיך דעמאלט, אַז דער ניי-נעבבארענער סערפ לאַכט פון דער זון:

— חאַ, חאַ! ניט איינגענומען די וועלט...

עס ווערט נאַכט. דער סערפּ האט זיך אויך אַראָבגעלאָזען אין מערב־זייט. ווי ער וואלט נאכיאָגען די זון. פון גאָהענטען שטעד־טיל הערט זיך דאס בילען פון הינד. אַ שליטעלע טראגט זיך אויפ'ן שאָסיי און די גלעקלעך צוגיסען זיך, ווי אַ יונג קוועלכעל, וואס האט פּלוצלונג געגומען פון דער ערד שפּריצען. עס דער־גרייכט דא אָפּט אַ געלעכטער פון עטליכע מענשען מיט אַמאָל. עס געדויערט אָבער ניט לאַנג דאס לאַכען, באַלד ווערט שטיל, ווי עמיצער וואלט זיך אָנגעבייזערט אויף די פרעהליכע מענשען, וואס לאזען ניט איינשלאפען דעם טאָג. בלויז די שטיקער אייז קלאַפּען זיך אָן און רוישען...

דאָ צום ברעג וועט קיינער ביי־נאַכט ניט קומען, איבעהויפּט איצט נאכדעם, ווי דעם „פּיסאַר'ס" יונגע טאָכטער, אַנעלקאַ, האט זיך דערטרונקען; צוליעב וואס זי האט עס געטהון — ווייסט מען ניט אויף ריכטיג, נאָר מען רעדט אין שטעדטיל, אַז זומער האט זי צופיעל אַרומגעשפּאַצירט מיט'ן מייסטער פון האַלפערזאָנ'ס פּאַבריק...

רוישען ביי־נאַכט די שטיקער אייז און שרעקען די וועלט, קלאַפּען זיך די קריעס איינע אָן דער צווייטער און פּלאַצען... דוכט זיך דעמאלט אויס, אַז עמיצער ראַנגעלט זיך אויפ'ן וואַסער...

אין שטעדטיל און אין די דערפער אַרום רעדט מען, אַז יעדע נאַכט וויל אַנעלקאַ אַרויסגעהן פון טייך, נאָר, ווי זי שטעקט אַרויס די הענד און כאַפּט אַ שטיק אייז, דערלאַנגט איהר באַלד אַ טייוועל אַ שמיץ מיט אַ קאַנטשיק איבער די פערפרוירענע פינגער, און זי מוז זיך צוריק אַראָבלאָזען אונטער'ן וואַסער. און די טהיערען פערשליסט מען שטאַרקער, ווי אַלע מאל, ווייל די דערטרונקענע קומען אָפּט אָן, וואוהין מען רופט זיי ניט...



# דער אַלטער שטאַרבט...

ביַיטאָג איז ער נאָך געווען בײַם ברעג פון טײַך, אַריבער־פאָהרען האט מען שוין ניט געקענט, נאָר דער אַלטער פלעגט שטענדיג זוכען אַרבייט, האט ער זיך אַרומגעפארקעט צווישען די האַלב־איַינגעפרוירענע שיפלאַך, זיי פעסטער צונויפגעבונדען אייַנס צו דער צווייטער, ער האט אויך צונויפגענומען די אַלע „וויאָסלעס" און עס בעהאַלטען, בלויז זײַן „וויאָסלע" מיט וועלכע ער האָט די לעצטע יאָהרען געאַרבייט האט ער לויט דער אַלטער געוואוינהייט מיטגענומען מיט זיך און איז אַוועק אַ היים.

אַזוי געהט אַוועק דער ערד־אַרבייטער אין הערבסט מיט'ן לעצטען הייפעלע היי פון פעלד, ער האט זיינס געענדיגט, איצט וועט מען רוהען און וואַרטען אויף דעם נייעם זומער.

דער אַלטער איטשע איז אַרייַנגעקומען צו זיך אין דער היים און גענומען אַראָבוויקלען פון זיך די פאַטשייַלעס, אָהן וועלכע זיין ווייב שרה, פלעגט איהם ניט אַרויסלאָזען. אין שטוב איז גע־ווען וואַרים און רוהיג, איטשע האָט זיך אנגערופען:

— מארגען וועט דער טײַך שוין שטעהן. דער אייז האט זיך שוין צונויפגעקלעפט קוים וואס עס בעוועגט זיך... און אין דער רגע האט איהם דערלאַנגט אַ שווינדעל אין די אויגען און אין קאָפ האט אַ מיש געטהון.

ער האט אַ קרעכץ געטהון „אָי!" און ווען נישט שרה וואָ־לט ער געוויס אומגעפאַלען. שרה האט איהם אונטערגעהאַלטען און געהאלפען זיך אַוועקזעצען.

איטשע איז געווען בלייַך ווי קאַלך, ווען ער איז אַ ביסעל צו זיך געקומען האט ער געפרעגט:

— „שרה, וואס איז דאָס ?" „קיינמאל האט עס מיט מיר נישט פּאַסירט, האַ, שרה!" עס איז איהם געווען שווער אַ פיס צו־שטעלען. שרה איז שפעטער געלאפען צום פעלדשער, דער פעלד־

טער האט געזאגט, אַז דער אַלטער איז אָבגעשוואַכט און ער מוז זיך אויסרוהען.

עטליכע אין זיבעציג יאָהר האט דער אַלטער אבגעלעבט און ער געדענקט ניט, אַז ער זאל אַמאל קראַנק זיין. ער איז געלע-גען עטליכע טעג. עס איז שוין געווען דער דאקטאָר און ער האט פערשריבען רפואות, וועלכע דער אַלטער האט אין מויל נישט גענומען:

— איך שטאַרב, האט ער צו אַלעמען געזאגט — איך דאַרף נישט קיין רפואות, זאלען קומען די קינדער: און עס זענען געקו-מען די קינדער דער אַלטער האט יעדערן איינגעטיילט ירושה.

— בענדעט'ען לאז איך איבער דעם טייך...

אַזוי פלעגט ביי איהם הייסען זיין פרנסה, דאס אַריבערפי-רען פון איין ברעג אויפ'ן צווייטען. האט ער עס איצט אַלע שיפ-לעך מיט'ן פּאַראָם געלאָזען בענדעט'ען. פאַר אברהם'ן האט ער געהאַט עטליכע הונדערט רובל. אברהם וויל פאהרען קיין אַמערי-קאַ, זאל ער פאָהרען, דא איז שוין זעהר ענג... אַזוי האט דער אַלטער בעפוילען און פאַר זיין איינציגער טאָכטער האט ער אויך געהאַט געלד, קיינער האט פון דעם געלד פריהער נישט געוואוסט.

— די מאַמען זאלסטו היטען, האט ער צו זיין טאכטער גע-רעדט, די מאַמע זאָל זיין ביי דיר...

ער איז געווען אַזוי רוהיג אויף זיין בעט און קיינעם האט זיך ניט געגלויבט, אַז דער אַלטער „קלויבט" זיך אויף אַנ'אמת, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען זעהר אַ שטרענגער און אַ בייזער, האט איהם קיינער קיין ווארט אַנטקעגען ניט גערעדט.

ער האט אויך שטילערהייד געשיקט רופען זלמן דעם פוהר-מאַן, וועלכער איז דער עלטסטער אין דער חברה-קדישה און ווען קיינער האט ניט בעמערקט, האט ער זלמנ'ען אַריינגערוקט אין האַנד עטליכע רובל.

— זאל די חברה נאך מיין טויט מאַכען אַ שנאַפּס, האט ער געזאגט צום איבעראַשטען זלמנ'ען און ער האט צו איהם דערי-בער שטרענג אַ וואונק געטהון „שווייג!".

אין שטעדטעל, אין די געוועלבער, האט מען שוין גאַנץ אָפט דערמאָהנט: „דער אַלטער איטשע שטאַרבט" און מען האט איהם בעדויערט, איינער האט דעם צווייטען איבערגעגעבען, ווי דער אַל-טער איז רוהיג און זיכער, אַז דער טויט וועט איהם איצט ניט אויסמיידען, מען האט אויך דערצעהלט, אַז דער פּזשעוואָזניק איט-

שע איז צופריעדען מיט דעם, וואס איהם קומט אויס צו שטאַרבען, ווען דער טײַך שטעהט, קײַן אַרבעט איז סײַ=ווי=סײַ ניטאָ, אַזוי וואָלט איהם די צײַט אַ שאָד געווען.

איטשע האט שטענדיג נאכגעפרעגט, צי דער טײַך האט זיך שוין טאַקי געשטעלט און צי די שיפלעך זענען אַלע גאַנץ. עס זע=נען אַזוי אַוועק עטליכע וואָכען, דער אַלטער האט ניט געוואָלט ליגען, נאר אויפשטעהן האט ער אויך ניט געקאנט. ער איז גע=ווארען זעהר אויסגעדאַרט און די אויגען פלעגען בײַ איהם אָפט אַזוי פײַערדיג ברענען.

ער איז געלעגען אין זײַן ניעדריג הײַזעל און געקוקט אויף די לעדיגע ווענד און אויף דער אײַנציגער „וויאָסלע" וואס איז געשטאַנען אין ווינקעל פון צימער אַנטקעגען זײַן בעט.

אײַנמאל האט זײַן ווײַב שרה, דערהערט פון צווײַטען חדר, ווי דער אַלטער רעדט עפעס, האט זי געמײַנט ער רופט זי, נאָר די ווערטער זענען אַזעלכע מאָדנע געווען, ער האט געשריען און גערעדט אָהן אַנ'אויפהער: „לאָבוסעס, איך וועל אײַך געבען" צום „צום ליאָנד שווימט!" „לאָבוסעס!" „בענדעט" „אברהם" „צו דער אַרבײַט" „מארגען איז אַ יריד".

ער האט אַזוי גערעדט און געקוקט גלײַך אויף דער אַלטער, מיט אַזעלכע פײַערדיגע פונקען אין די אויגען, יענע האט זיך דער שראָקען און איז אַוועקגעלאפען נאָכ'ן פעלדשער.

און דעם אַלטען האט זיך דערווײַל אין זײַן הינער=פלעט פאָרגעשטעלט אַ זומערדיגער טאג, דער פולער טײַך גיסט זיך מיט זײַן געוועהנליכע רוהיגקײַט, עס זענען געקומען געסט צום ברעג און געדונגען שיפלעך, נאָר ווען דער אַלטער איז פערנומען גע=ווען מיט די געסט האבען זיך עטליכע יונגע לאָבוסעס, וואס פלע=גען זיך שטענדיג אַזוי מיט'ן אַלטען רײַצען, געכאַפּט אַ שיפעל און זיך געלאָזען אויפ'ן וואַסער. עס פלעגט אַזוי שטענדיג טרע=פען, נאָר דער אַלטער פלעגט זיך נאָכיאָגען אויף אַ צווײַטען שי=פעל און די בײַנער אָנברעכען, איצטער אבער האט ער קײַן „וויאָ=סלע" ניט. אַ שיפעל שטעהט בײַם ברעג נאָר קײַן „וויאָסלע" איז ניטאָ און די לאָבוסעס רײַצען זיך מיט איהם אַלץ מעהר און מעהר. זײַ שרײַען פון ווײַטען „ר' איטשע, ר' איטשע" „שווימט צו!" „איהר קאָנט דאך גוט שווימען, ר' איטשע". אַזוי חלומ'ט זיך דעם אַלטען אין זײַן הינער=פלעט און ער דרעהט זיך און וואַרפט זיך אויף זײַן געלעגער... אַך, די לאָבוסעס, די לאָבוסעס זײַ מײַנען

שוין טאַקי, אַז ער איז אַזוי אַלט און קאָן זיך שוין קיין עצה מיט זיי ניט געבען. ער בעווייזט זיי זיין האַרטען פויסט, ער זידעלט... נאָר וואו נעהמט מען אַ וויאָסלע? ער האַלט אָפען די אויגען און ציטערט פון היץ און אויפרעגונג, און פלוצלונג וואַרפט ער אַראָב פון זיך די קאָלדרע און שפרינגט אַראָב פון זיין געלעגער, ער לויפט צום ווינקעל פון זיין צימער, דאָרט שטעהט דאָך זיין רודער, מיט וועלכען ער האט געאַרבייט די לעצטע יאָהר... איצטער וועט ער זיי שוין דעריאָגען די לאָבוסעס ער וועט זיי אָנלערנען, אָנלערנען...

און ער לויפט אַרום איבער'ן צימער עטליכע מאָל מיט דער „וויאָסלע” אין האַנד, ביז ער פאַלט אויף דער ערד און פערגלאָצט די אויגען, ווי ער וואָלט קוקען ערגעץ ווייט אויפ'ן טייך, אויף יענעם ברעג...

דעם פעלדשער האט דערנאָך פיעל מיה געקאָסט איידער ער האט פון טויטענ'ס אָרעמס די „וויאָסלע” אַרויסגענומען...



# אַ יונגעל ביים ווייכסעל.

דו האסט געזעהן די שוואַרצע אויגען? ווי גיך זיי פינטלען. ווי זיי שמייכלען זאָרגלאָז? דו האסט געזעהן די ווייסע צייהן בעת ער עפענט אויף דעם מויל און לאַכט אָהן אַנ'אויפהער? דו האסט געזעהן ווי ערנסט זיין פנים ווערט, ווען זיין בליק לויפט נאך אַ פויגעל ,וועלכער שוועבט האַסטיג פאַרביי? ווי אַ יעגער-הונד ציהט ער אויס זיין לאַנגען פון דער זון אָבגעבּרענטען האַלץ און קוקט ווייס. אָ! ער ווייסט שוין. וואו דער פויגעל האט זיין . נעסט — זאל נאר זיין צייט — מען וועט זיך שוין זעהן!

אַ טונקעלען פנים האט דאס יונגעל, ברוינע הענד און ברוינע פיס, שטענדיג באָרוועס, די היטעל אָהן אַ דאַשעק.

אַ גאַנצען טאָג איז ער אויפ'ן וואַסער; הין און צוריק, הין און צוריק אויפ'ן שיפעל. און עס טרעפט אַ רגע אַ פרייע: מען דאַרף קיינעם ניט אַריבערפיהרען, — טאַנצט ער אַריבער אַ פלויס פון גאָהנטען גאָרטען און מאַכט דארטען אן אַ חורבן אין די פלוי-מען און אין די עפיל; אדער ער וואַרפט שטיינדליך אין וואַסער... אָ! ווער מאַכט אַ זעלכע זשאַבקעס ווי ער? ווער שווימט אַזוי פלינק. און ווער וועט בלייבען אונטער וואַסער לייגער פאַר איהם?

דו האסט געזעהן די שוואַרצע אויגען, ווי זיי שמייכלען. ווי גיך זיי פינטלען? דו האסט געזעהן די ווייסע צייהן? און דו טראַכסט עס איז אַ ציגיינער? ניין. ניין! דאס לאַכט און שטיפט אַ יודיש קינד: ארבע-כנפות איז צוריסען געוואָרען, אבער די צי-צות זענען גאַנץ, דאס היטעל פון קאפ וועט ער פאַר קיין פאַל נישט אויסטהון, כאָטש ער האט אַ זעלכע שוואַרצע גלאַנציגע לאָקען. און אָהן אַ ברכה וועט ער די גע'גנב'עטע פלוימען נישט עסען.

דער רודער בעוועגט זיך אין זיינע הענט, ווי אַ סמיק ביי אַ געניטען פידעל-שפילער, ער ווייס שוין גענוי, וואו דאס וואַ-סער איז טיף און וואו פלאַך און ווילסטו, וועט ער דיר אויספיי-

פען אַלע מאַטיוון און נאָכמאַכען, ווי די זשאַבעס קוואַקען, ווי יונגע העהנער קרעהען און ווי די נאַכט-פויגלען שרייען.

און ווילסטו, אַז די טונקעלע באַקען זאלען פלוצלונג רויט ווערען, ער זאל אַראָבלאָזען פאַרשעמטהעהאייד זיינע שוואַרצע מזרח-אויגען דערמאָן איהם די מעשה מיט'ן פערד!

ס'איז פרייטיג פאַרנאַכט געווען, דאס גאַנצע שטעדטעל האט זיך געבאָדען דאס יונגעל האט געוויזען קונצען; געמאַכט קאָזיאָל-קעס אין וואַסער און מינוטען לאַנג געבליבען אויפ'ן דעק פון טייך. פלוצלונג טרייבט אַ פויער זיין פערד אין טייך — עס זאל זיך אויס-באָדען. איז דאס יונגעל נישט פויל און כאַפט זיך א נאַקעטער אַרויף אויפן פערד'ס רוקען. דאס פערד דערשרעקט זיך און לויפט אַרויס פון וואַסער און לאזט זיך אַוועק איבערן שטעדטעל — איז דאס געווען אַ בילד; ווייבער און קינדער האבען געלאַכט, אַנדערע זענען נאָכגעלאפען. דאס יונגעל האַלט דאס פערד פאַר דער גזשי-ווע און איז טוידט בלייך פאַר חרפה און שרעק...

עס האט זיך געענדיגט מיט חסד. דאס פערד איז צוגעלאָ-פען צו זיין שטאַל און האט זיך בערוהיגט דאס יונגעל האט זיך דאַן בעהאַלטען ביים פויער אין שייער אויפ'ן היי. דריי טעג האט ער זיך נישט בעוויזען, און ביז היינטיגען טאג, ווערט ער רויט-ווען מען דערמאָנט איהם די מעשה מיט'ן פערד — אויפ'ן וואַסער איז ער מעהר העלד.



# דעם ישוב'ניקס טאָכטער.

זי דערצעהלט אונז פון אַ דאָרף מיט אַ אידישער הייַזעל, פון אַ טייַכעל, וואָס רוישט ביינאַכט שטאַרקער ווי בייַטאָג. זי דערצעהלט אונז פון פעלדער און וועלדער, וואו זי פלעגט קלויבען יאַגעדעס מיט די דאָרפס־קינדער, פון לאָנקעס, וואו זי פלעגט זיך שפּילען ביז פאַרנאַכט אויף דעם פרישען היי; פאַרנאַכט פלעגען די פויערים אַיינשפּאַנען די פערד און וואָגען און די קינדער אַרויפזעצען אין דער הויך, גאָר אין דער הויך...

דער וואָגען קומט אַלץ נעהנטער צום דאָרף צו, און די קינדער זינגען און שטיפען, און געפינען יעדע רגע בלומעלעך אין אָבגעשניטענעם גראָז. דער וואָגען היי פלאַמט אין לעצטען זון־פייַער, די קינדערשע קעפּלעך טונקען זיך אויך אין די זעלבע פלאַמען און זיי זשמורען די אויגלעך... פלוצלונג דערהערט זיך אַ קלונג פון קלויסטער־גלאָק. די קינדער הויבען אויף די קלייַנע פויסטלעך און צלמ'ן זיך איבער. זי אָבער דריקט צו פעסט צום ברוסט איהרע בייַדע הענטלעך... שיעור, שיעור זיי נישט נאָכ־געטהון. זי ווייס אבער, אַז מען טאָהר נישט...

בייַם אָנהויב דאָרף שטעהט זייַער הייַזעל, די מאַמע לויפט אַרויס און כאַפּט אַראָב דאָס טעכטערל פון וואָגען. די מאַמע דערקענט גלייַך איהר קינד — דאָס אייַנציגע קינד וואָס האָט דאָ אַ שוואַרץ קעפּיל...

זי דערצעהלט אונז פון אַ דאָרף מיט אַיין אידישעס הייַזעל, פון פרעהליכע שקצים, מיט וועלכע זי פלעגט בלאָנדזשען הינטערן דאָרף און זוכען די ווילדע קאַטשקעס. די גרויסע פלעגען אַנטלוי־פען, אָבער די קלייַנע קאַטשקעלעך פלעגען שטענדיג אַרייַנפאַלען צו זיי אין די הענט.

און אויף די בוימער האָט זי געקלעטערט, אייַנמאָל ווען די איבעריגע קינדער זענען געלעגען אויפ'ן גראָז אין וואַלד, איז זי

אַרויף אויף אַ בוים, זיך בעהאַלטען אונטער די צווייַגען און געננו=
מען שרייַען ווי אַ קוקו, די קינדער האָבען זיך אַיינגעהערט און
געוואונדערט זיך, וואָס דער פויגעל הערט נישט אויף צו שרייַען,
דאַן האָט זי זיך פאַרנאַנדערגעלאַכט און דאס עכאָ פון איהר גע=
לעכטער האָט אָבגעקלונגען אין וואַלד, אַזוי שרעקעדיג, אַזוי גע=
הייַם, אַז אַלע קינדער זענען זיך. צולאָפען און איבערגעלאָזען די
קריגלאַך אין וואַלד.

זי זינגט אונז אָפט דאָרפישע לידער און אָפטמאָל טאַנצט זי,
ווי די דאָרפס=מייַדלעך טאַנצען.

די האָר צופאַלען בייַ איהר, די ברוסט באַוועגט זיך הויך...
מיט אַמאָל אָבער שטעלט זי זיך אָב און בעטראַכט אונז אַלעמען —
וואו איז זי דאָ? ווי קומט זי אַהער? און פרעמד זעהען מיר איהר
אַלע דאַן אויס, פרעמד אונזער שטאָדט און אונזער פאַרגעניגען
זי וויל צוריק אין דאָרף צום טייַכעל, וועלכער רוישט בייַ דעם
איינציגען אידישען הייַזעל...



# די אלטע דעמבע.

וויפיל זי איז אַלט? אָט צוליב דער פראַגע האָט מען זיך שוין ניט איינמאָל געקריגט אין קאַזמעזש: אַנדערע זאָגען זעקס הונדערט יאָהר און אַנדערע ווידער זאָגען, אַז זי איז שוין אַלט זיבען הונדערט יאָהר. „סוף־כּל־סוף זענען מיר דאָך אויף איהר ברית ניט געווען״, וויצעלט זיך איינער און די פראַגע בלייבט נישט פאַרענטפערט. עס בלייבט נאָך איבער איין קוועלע, וואו מען זאָל דערגעהן דעם אמת — דאָס איז די דעמבע אַליין. זי האָט אָבער אַ מאָדנע אייגענשאַפט די דעמבע — זי שווייגט, אַזוי ווי די נאַכט. אַזוי ווי אַ באַרג אַ שטומער...

אויפ'ן שיידע־וועג שטעהט זי, אויף אַ בערגיל ניט ווייט פון ווייכטעל, ווי אַ שוואַרצער סקעלעט, וואָס האָט איופגעהויבען די דאַרע ביינערנע הענט און שרעקט ווענען... זי בליהט שוין ניט און גרינט שוין ניט, בלויז אין איין אָרט זעהען זיך נאָך עטליכע גרינע צווייגען — עטליכע געזונדע אַטהאָמען אין דעם אַלטען קערפּער!

די שוואַרצע צווייגען פלעכטען זיך איין איינער אין צוויי־טען, ווי משונה'דיגע שלאַנגען, וואָס פיהרען אַ שלאַכט אויף לעבען אָדער טוידט. אין אַ ווינדטאָג הערט מען. ווי זיי יאָמערן און וואָיהען... דאָס האַרץ פון דער דעמבע איז אינגאַנצען פוסט. צו־ערשט האָבען די דונערן זי דורכגעלעכערט, דערנאָך האָבען די פאַסטוכער פערבּרענט איהר האַרץ אויף אַש, אַזוי אַז אין פוסטען בוים קאָנען זיך איצט בעהאַלטען אַ מנין מענשען.

זי שטעהט אויפ'ן שיידע־וועג: איין „גאָסטינעץ״ ציהט זיך צום פריץ זאַסלאַווסקי, דער צווייטער צום צוקער־זאַוואָד „זאַגלאָבי״ און דער דריטער וועג פאַרנעמט זיך צו דער שטעדטעלע אָפּאָליע — געהט אָבער ווען פאַרביי אַ פרעמדער פויער, בלייבט ער שטעהן אויף דעם שיידע־וועג און ווייסט ניט, וועלכער וועג איז דער

ריכטיגער, טראַכט ער, טראַכט און קאָן זיך נישט בעשליסען, הויבט ער אויף די אויגען צו דער דעמבע, וועלכע איז בעהאַנגען מיט הייליגע בילדער, צלמ'ט זיך איבער און קוקט אָן דעם בוים, ווי ער וואָלט געוואַרט פון איהם, ער זאָל איהם אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג, — נור די דעמבע שווייגט...

פאַר איהר אין די אויגען וואַקסען דורות אויף און דורות שטאַרבען. זי קוקט שווייגענדיג אָן די קינדער, וואָס קומען מיט די טאַטעס אויף די פעלדער; זי געדיינקט נאָך זייערע עלטער-עלטער-זיידעס, וועלכע האבען אויך אַמאל אַזוי אויף די פעלדער געשפּיצט און איצטער!

עס איז שוין קיין זכר ניטא פון דעם בית-עולם, וואו מען האט זיי באַגראבען. די דעמבע שווייגט, נור זי ווייס אַ סך, אַ סך לאַכען: ווען קעניג קאַזמערש האט אויפ'ן באַרג זיין פּלאַץ געבויט איז שוין די דעמבע עלטער געווען פאַר איהם, ווען ער פלעגט אויף יאַגד פאהרען, איז אונטער איהר געדיכטען שאטען דער זאַמעל-פונקט פאַר די יעגערס געווען און איינמאל געדיינקט דער בוים, איז דער קעניג צוריקוועגס פון יאַגד מיט אַ אידישע טאכטער געקומען, אסתר, האט זי געהייסען. און פיעל, פיעל זיסע צויבער-לעגענדעס האט די אסתר'קע איבערגעלאזען: מאַמעס פאַרוויגען די קינדער מיט מעשיות וועגען „אַ אידישע מיידעל, וואס דער גרויסער גוטער קאַזמערש האט ליב געהאַט" און, אַז אַ איד מיט אַ קריסט צעווערטלען זיך, איז פאַרהאַן אַ ווארט, וואס קיהלט אב די צע-היצטע מוחות: — „אסתרקע"!

עס זענען אַוועק יענע צייטען, ווען דאס פאלק אַרום אי פריי געווען; דער שלאס אויפ'ן באַרג איז אינגאַנצען צעשטערט; אין די לעכער האבען קראהען זייערע נעסטען געמאַכט און זיי קראַקען יעדען אווענד, ווי זיי וואלטען חוזק געמאַכט פון דער גאַנצער וועלט.

אויפ'ן שפּיץ פון דער דעמבע איז אויך פאַרהאַן אַ שוואַר-צער נעסט, וואו עס לעבען אַ פּאר אַלטע קראהען, און אַ לעגענדע דערצעהלט: א יעדען אווענד, ווען די לבנה בעלייכט די גאַנצע געגענד, ווען די פאַוועס און די פילינס הויבען אן צו שרייען, דאַן צערוישען זיך די כוואַליעס פון ווייכסעל און אויפ'ן זאַמדיגען בערגעל אינמיטען טייך טאַנצט אַרויס אַ שעהנע יונגע פרוי מיט אַ געגשלע אין דער האַנט.

די האהר זענען צעוואָרפען אויף די אַקסלען צוזאַמען מיט די פילפאַרביגע סטײנגעס פון איהרע קלײדער. זי טאַנצט, שפּילט און זינגט פון העלדישען יאַגעלא און פון דער פרומער קעניגין יאַדוויגע, זי זינגט פון גוטהערציגען קעניג קאַזמערזש און פלוצלונג ווערט זי שטום! פאַרוואס איז זי דא אײנע אַלײן? פאַרוואס זינגט קײנער נישט מיט איהר אינאײנעם? זי שווימט צו צום ברעג און לויפט געשווינד צו דער דעמבע, ווי אַ פלינקע קאַץ כאַפּט זי זיך אַרויף אין דער הויך אויף די נאַקעטע שוואַרצע צווײַגען. זי קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטען; די זאַנגען אויף די פעלדער וויגען זיך קוים־קוים, די בוימער אין וואַלד שלאָפען צוגעטוליעט אײנער צום צווײטען.

פלוצלונג באַמערקט זי די יונגפרוי דעם אַלטען אײַנגעפאַלע־נעם שלאָס... דאַן פליהען די קראָהען פון נעסט און פּיקען איהר אויס די אויגען, זי זאל דעם חורבן שוין מעהר נישט אנקוקען. זי פאַלט אַראָב פון בוים און קריכט קרעכצענדיג צום טײַך, וואו זי לאזט זיך באַלד אַראָב צום גרונד, בלויז די געשלע שווימט אַ לענגערע צײַט אין דער הויך אויפ׳ן וואַסער...

די דעמבע שווײַגט. זי וויל גארניט דערצעהלען פון יענע העלדען, וועלכע האבען אויף די אַרומיגע פעלדער געקעמפט; אַ בײ־סעל ווײַטער ליגט אַ שטײנערנע פליטע, אונטער וועלכער עס רוהען די בײנער פון גראַף וולאַכאָווסקי. בלויז עטליכע ווערטער זענען אויסגעקריצט אויף דער פליטע: „אויף דעם ארט איז ער געפאַלען" און עס וועהט אַזאַ האַרטער אומעט פון דעם אײנזאַמען קבר אינמיטען פעלד פון די עטליכע יונגע בערזעס, וועלכע שײַנען מיט די געקרויזטע לאקען־צווײַגען איבערן קבר.

און די דעמבע וויל קײנעם ניט טרײסטען, זי וויל גארניט דערצעהלען! דאך די מענשען ווײסען, אַז אין יענע טעג פון קאַמף, האט מען אויף איהרע צווײַגען די געפאַנגענע העלדען געהאַנגען.

יאהרען קומען און פאַרגעהען, מענשען זינדיגען און בעטען גאט ער זאל זײ מוחל זײַן; יעדען ראש השנה זעהט די דעמבע, ווי יודען געהען צו תשליך, נאר וואס אַ יאהר ווערט די תפילה וואַכער און די צאָהל פון די מתפללים קלענער, און ער וואונ־דערט זיך דער אַלטער בוים: צו דען האבען זײ שוין אויפגעהערט צו זינדיגען?

עס וואַקסען נײַע בוימער און נײַע מענשען, נור דער מענש איז נישט צוגעשמידט צו דער ערד, ווי אַ בוים. ער זוכט, ער

וואַנדערט שטענדיג ווייטער, און דאס וואס עס האט זיך אַמאל געדעכענט פאַר אַ זינד, איז היינט אויס זינד געווארען: מיידלעך מיט בחורים שפּאַצירען פראַנק און פריי אויף די פעלדער; די מאַמעס טרויען, די טאַטעס שרייען און צייטענווייז שלאגען זיי אויך דערפאַר, נאר דער יונגער וואַלד איז שוין באַלד גרעסער פאַר'ן אַלטען.

און אַז אַ מאַמעס האַרץ האַלט פארט ניט אויס און זי די צעשראקענע זוכט איהר טאכטער, וואו טראַכט זי איהר צו געפינען? ביי דער דעמבבע!

דאך די יונגע אויגען זעהען בעסער פאַר די אַלטע, האט זיך שוין דאס פארל אָבגעטראגען פון בוים... בלייבט די מאַמע אַליין שטעהן ביי דער דעמבבע און קוקט עס אן, ווי זי וואלט פון איהר זיך וועלען דערוויסען: וואס האבען זיי דא גערעדט? וואס האבען זיי דא געטהון? נאר די דעמבבע שווייגט, ווי אַ מצבה אויף איין אַלטען קבר; זי שווייגט, ווי די נאַכט, ווי אַ באַרג אַ שטומער...



# אַ דערטרונקענער

פון וואַנען קומט עס מיט אַמאל אַזאַ רוהיגקייַט? לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, ווי עס וואלט זיך פון הימעל אַראבגעגאסען פון די קלאָרע לופט־וועלען, ווי עס וואלט פון די שטילע גרינע פעלדער געקומען.

לעדיגער ווערען די קלייַטען. כאָטש אויפן גאַס דרעהען זיך נאך אַרום אַ סך מענשען, מען האַנדעלט שוין אבער ווייניג; די ברויט בייַדלעך פון מאַרק פאַרשליסען זיך שוין אויך.

דער אונטער שמש געהט פאַרבייַ דעם מאַרק און קלאַפּט אין יעדען געוועלב בעזונדער. עס פערשליסען די לעצטע קראָמען. אַ פערשפּעטיגטער בעל עגלה טרייַבט געשווינד זייַן דאַר פערדיל און דאס פערד לויפט אַזוי לוסטיג, טרייַסעלט מיט׳ן קאפּ — נישט אַנדערש: עס פיהלט, אַז עס קומט אָן דער טאָג, ווען מען שטעהט אַ גאַנצען מעת־לעת אין שטאַל און מען רוהט... און מען עסט.

דער וואַסער־טרעגער טראגט די לעצטע פּאָר עמערס וואַסער. ווען די לעצטע קראָם פאַרמאַכט זיך, דאַן ווערט ער אויך פאַרשוואונדען.

לאַנגזאַם... מיט שוואַרצע קאַפּאָטעס, אַרומגעגאַרטעלט געהען אין שוהל אַרייַן יונגע און אַלטע אידען, און אין אַלע פענסטער פון דער שוהל שפּילען זיך די לעצטע פלאַמען פון דער זון, אַזעלכע רויטע אומגעלומפּערטע פלאַמען, דאך די רוהיגקייַט פון דער סביבה צושטערען זיי נישט. עס איז נאך ליכטיג אַביסעל, אויפ׳ן לעדיגען מאַרק לאזען זיך אַרונטער פיעל טויבען, קייַנער יאגט זיי איצטער נישט.

פון וואַנען קומט מיט אַמאל אַזאַ רוהיגקייַט? ווי זי וואלט ריגיץ בעהאַלטען געוועזען הינטערן באַרג און געלויערט ביז די מינוט זאל אָנקומען. זי פיהלט זיך רוהיגקייַט אין לייַכטען ווינטעלע, אין די טריט פון יעדען מענשען. אין די לעצטע טרעלען פון די שוואַלבען, וועלכע שוועבען אַזוי נידעריג צו דער ערד.

די קריטטען וועלכע שטעהען אויפ'ן מאַרק. זעהען אויס, ווי פאַרעלענדטע און געהען זיך פאַנאַנדער אַהיים אדער אין שיינק. ביי דער גמינע בלייבען זיצען עטליכע סטראַזשניקעס און מען שמועסט עפּעס מיד און פויל.

און אידען געהען אַלץ מעהר אין שוהל, פון אַלע זייטען קומען זיי אָן, צופרידענע, אַרומגעוואַשענע.

נאָר פּלוצלונג...

פון דער שמאָלער געסעל, וועלכע פיהרט צום ווייכסעל, קומען צעלויפען עטליכע קינדער, האַלב אָנגעטוהן, נאַס און פאַרשוויצט, זיי לויפען, האַלטען אָפען די מיילער און שרייען:

— דוד טרינקט זיך, דוד טרינקט זיך...

און אידענעס מיט די קרבן־מנחה'ס אין די הענט, שבת'דיג אנגעטהון, הויבען אן צו ליאַרעמען און שרייען, פון אַלע זייטען לויפט מען זיך צונויף און מען איילט צום טייך...

עס הערט זיך אַ מוראדיגער „אי״, עמיץ איז אומגעפאַלען, אָבער קיינער קוקט זיך נישט אַרום, דער שרעק יאָגט אַלעמען ווייטער.

און די שטילקייט טהוט זיך איהרס, זי שוועבט איבער באַרג און טהאָל, איבער די הייזער אַרום מאַרק... זי גנב'עט זיך אַריין אין די סעדער, וואס אַרום טייך, אין יעדעס ווינקעלע, וואו דער טומעל קומט נישט צו...

— דוד טרינקט זיך!

נאך שרייט מען, כאָטש אַלע ווייסען שוין פון דער קאַטאַסטראָפע, די נאַטור אַליין שרייט נישט און קלאָגט נישט. דער הימעל פאַרדעקט זיך נישט מיט קיין גראָהע טרויער־וואָלקענס: וואו נישט־וואו זעהען זיך בעקולטע, רויטליכע וואָלקענדליך, אַזעלכע רוהיגע האַלב־פאַרשלאָפענע, ווי קינדער, ווי שעפסען פון אַ פאַרשפעטיגטע טשערעדע.

אויפ'ן טייך לויפען אַרום הין און צוריק פיעל. אַלע פישערס זענען נאך צענויפגעלאפען, יונג און אַלט איז פון שטעדטעל געקומען. מען שרייט, מען חלש'ט...

אבער דאס וואַסער טראגט זיך אַלץ ווייטער. די ראזאָחעפאַליעס קויקלען זיך מיט אַ מאָדנער געלאַסענקייט... ווער ווייס, וואו זיי האבען שוין דוד'ן פאַרטראָגען? און די זון וויל נישט וואַרטען, עס ווערט אַלץ פינסטערער, איינציגווייז שווימען צו די

שיפלעך צום ברעג, אַלע האבען זיך שוין מיאוש געווען: דוד איז שוין פאַרפאַלען. , .

דוד׳ס מאַמע ליגט אויף דער ערד און שרייַט און וויינט. מען מונטערט זי און מען טרייסט. . .

דאָ און דאָרט שטעהען קרייזלעך מענשען און מען זיפצט:

— יעדעס יאהר נעהמט די ווייַכסעל צו אַ קרבן . . .

מען קאן גארנישט העלפען, מען געהט שוין צוריק, שוויי־געדיג געהט מען, און מען דערצעהלט שטילערהייַט פון אַמאליגע אומגליקען: מיט פייַער און וואַסער טאָר מען זיך נישט שפּילען.

בייַם טייַך בלייַבען געצעהלטע מענשען. עס איז שוין טונקעל און דער גאַנצער טייַך זעהט אויס, ווי אַ גרויסע חיה, וואס האט זיך אנגעזעטיגט מיט איהר קרבן און רוהט איצט אָב. די לעצטע מענשען געהען צוריק צום שטעדטעל.

איינער פון זיי טראָגט דוד׳ס איבערגעבליבענע בגדים, די הויזען הייַנגען אַראָב און וויגען זיך, וויגען זיך. . .

אַ שרעק נעמט אָן: וואו איז דוד? וואו איז דער פרעהלי־ליכער יונגעל?

אין די ליכטלעך צאַנקען אין די הייַזער און צוגיסען אַרום זיך אַזוי פיעל צערטליכטקייַט און טרייסט. אידען געהען שוין פון דאַוונען, מען בלייַבט נאך שטעהן אויפן גאַס און מען רעדט אַ קורצע צייַט וועגן אונגליק.

באַלד ווערט די גאַס לעדיג.

שטילער, ווי אַלעמאָל איז הייַנטיגע נאַכט; מען הערט נישט קייַן זמירות. די קינדער וואס זיצען בייַם שבתדיגען טיש הערען אויס פערשידענע מעשות, און לעגענדען וועגען ווייַכסעל און זייַנע קרבנות און זיי שרעקען זיך די יונגע.

ווער ווייס וואס דארטען טהוט זיך איצט אין טייַך? אפשר קלייַבען זיך צונויף אַלע דערטרונקענע און טאַנצען דארט און הוליען יעדע נאַכט ביז פאַרטאג אויף דער ברייטער זאַמדיגער קעמפע? אפשר פאַרגנבענען זיי זיך אין שטעדטעל אַרייַן?

אין דער שטילקייַט דערהערט זיך אַ קול. עמעץ שרייַט און עלט. דאס איז ניחעלע די משוגענע. . . פון פרומקייַט איז זי משוגע געווארען. זי ווייסט שוין אויך פון הייַנטיגען אונגליק און זי שטראפט איצט אַלעמען:

— גוט אויף אייַך, דאָס שטראפט אייַך גאָט, גוט אויף אייַך עס וועט נאך קומען אַ מגפה, אַ הונגער וועט קומען, מייד־

לעך מיט בחורים אויף די פעלדער צוזאַמען... גוט אויף אייך! זי רעדט אַלץ אויס, וואס אין איהר קראַנקע פאַנטאַזיע בעשאַפט זיך אין דער רגע.

אין אַנ׳אַנדער אָווענד וואָלטען זיך אַלע לאָבוסעס צענויפ־געקליבען אונטער איהר פענסטער און עס וואָלט זיך אָנגעהויבען אַ „פאָרשטעלונג״ ביז שפעט אין דער נאַכט, נאָר איצטער איז קיינער נישטאָ, און ניחעלע ווערט גיך רוהיג.

אויפן גאַס שפּאַצירען אַרום „זלמניאַקס״ זלמן דעם בעל עגלה׳ס דריי בנים. זיי פיהרען אויף זיך היינט רוהיגער ווי שטענ־דיג. זיי פייפען נישט אום שבת, זיי געהען נישט אין שענק אַריין יעדער פון זיי וואַרט אויף זיין „פּאַווע״. די ערשטע קומט בראָמ־בערג׳ס קעכין, דערנאך ווערלוועל דעם שוסטערס צוויי טעכטער און די דריי פאָרלעך שפּאַצירען אַרום איבערן פוסטען מאַרק און מען שיילט „ווייניקער״, מען רעדט פון דערטרונקענעם.

רופט זיך איינע אָפּ פון זיי:

— לאָמיר געהן צום טייך!

געהט מען צום טייך און מען שרעקט זיך פאַר עפּעס. פאַר דעם זעלבען טייך, וואס מען זעהט יעדען טאג... דערלאַנגט אַ ווערכעל אַ רויש, דוכט זיך, דעמאָלט אויס אין דער פינסטער, אַז עמעץ ראַנגעלט זיך אויפן וואַסער.

— וואו איז שוין איצט, דוד? האַ! אַ שענער יונגעל, מען רעדט אבער ווענינ די ווערטער קלעפען זיך נישט.

געהט מען צוריק אין מאַרק און פון מאַרק אַ היים און אַ שרעק אַ שטילע איינגעהילט אין דער רוהיגקייט פון שבת, שוועבט אין יעדען ווינקעלע...

עס וועלען דאַרפען זיין אַ סך זון־טעג, ביז די שרעק וועט פאַרשוואונדען ווערען פון שטעדטעל.



# פון גאָט געשטראָפט.

איין גאָט אין הימעל ווייס, פאַר וועמעס זינד ער איז געבוירען געוואָרען אַ קאַליקע? די מאַמע זיינע האָט עס מיט אַ זיפץ געפרעגט, ווען זי האָט איהם צום ערשטען מאָל דערזעהען מיט די מאָדנע אויסגעקרימטע פיסלעך:

— פאַר וועמעס זינד? פאַר וועמעס זינד?

און זי האָט לאַנג געוויינט אויף איהר געלעגער... אַזאַ אונגליק, אַ געבאָרענע קאַליקע!

די אומגליקליכע מוטער האָט זיך געסטאַרעט פון אַלעמען פאַרבאָרגען איהר צרה.

ווען זי פלעגט יאָסעלען וויגען, פלעגט זי אַזוי איינוויקלען די פיסלעך, דאָס קיינער פלעגט נישט באַמערקען. עס איז אָבער אַוועק אַ יאָהר, יאָסעלע איז גרעסער געוואָרען און שווערער, די מאַמע פלעגט איהם שוין אַראָבלאָזען אויף דרערד, ער פלעגט זיך קאַראַשקען און אַרומקריכען אויף דער פאָדלאָגע, די מאַמע פלעגט פיעל מאָל וויינען קוקענדיג אויף איהם.

ער וועט שוין קיינמאָל אַליין נישט געהן! — אַזוי טראַכט זי און ווישט די טרעהרען.

קומט אַריין א שכנ'טע: די מאַמע וויל יאָסלען אַרויפכאַפּען אויפ'ן האַנד, נאָר עס איז שוין שפּעט: די שכנ'טע האָט איהם באַמערקט און זי נעמט קלאָגען;

— אַנו, גאָט מיין גאָט! וואָס איז דאָס פאַר אַ פיסלעך ביי אייער יאָסעלען!

יאָסעלע'ס מאַמע ווערט רויט און זי הויבט זיך אָן צו פאַרענטפערן, ווי זי וואלט טאַקי אין דער'אמת'ען שולדיג זיין אין יין אומגליק:

— עס וועט אויסוואַקסען, זאגט זי, — דער דאָקטאר האט געזאָגט: „עס וועט אויס וואַקסען" זי זאָגט אַ ליגען, דער דאָקטאָר

האט עס נישט געזאָגט. דאָך דוכט זיך איהר אויס אַזוי... עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז אַ מענש זאל געבוירען ווערען מיט אויגען, מיט אַ מויל. מיט געזונדטע הענד, נאָר די פיס די פיס.. רבונו של עולם, פאַר וועמענס זינד?

יאָסעלע׳ס עלטערן פלעגען יעדען זומער האַלטען אַ סאָד און ווי נאָר די גרינע עפיל פלעגען ווערען גרעסער, אַזוי קלויבט זיך שוין די גאַנצע פאַמיליע אין גאָרטען אַריין.

יאָסעלע איז שוין אַלט געוועזן פיער יאָהר. אויף די קרומע פיסלעך האט מען שוין פון לאַנג אַרויפגעצויגען אַ פּאָר הויזלעך, און ער קריכט אַרום אויף אַלע פיער. נישט נאָר זיין טאַטע-מאַמע, נאר דאס גאַנצע שטעדטעל, האט זיך שוין צו איהם צוגעוועהנט, אַזוי ווי מען איז צוגעוועהנט צום שטומען פאַסטוך, צו שרה-לאהן דער משוגענער... אַזוי איז באַשערט פון גאָט!

ווען יאָסעלע פלעגט בעמערקען, אַז מען קוקט אויף איהם, פלעגט ער אָנהויבען גיכער זיך צו איילען. גיכער אַהיים!

ער פלעגט דאַן וואַרפען די הענדטלעך פאָראויס און שפרינגען אויף די קניע עפּעס אַזוי, ווי אַ גרויסע זשאַבע האט ער דעמאָלט אויסגעזעהן.

די מאַמע האט איהם גערופען: „מיין אונגליק״ און דער טאַטע האט קיינמאָל מיט איהם נישט גערעדט. דער טאַטע זיינער פלעגט איבערהויפט מער שווייגען ווי רעדען. ער האט געהאַט אַ גרויסע געלע באָרד מיט גרויסע וואָנסען, וועלכע ליגען ווי אַ צודעקען אויף זיינע ליפען. אויך אַפילו מיט זיינע ברידער און שוועסטער פלעגט יאָסעלע זעלטען זיך שפילען. ער האט שוין פון די ערשטע יאָהרען אָנגעהויבען שווייגען, ווי דער טאַטע זיינער. נאָר אין זומער אין גאָרטען ווערט יאָסעלע אַ ביסעל לעבעדיגער. אין סאד קומט קיינער ניט. ער פלעגט ליגען ביי דער שטרויערנער ביידעל מיט זייער אַלטען הונד „ביאַלוס״ און אָבהיטען פון גנבים. שפּעטער, ווען די באַרנעס מיט די עפּעל פלעגען צייטיג ווערען און אָנהויבען אַראָבפאַלען, פלעגט יאָסעלע אַרומקריכען גאַנצע טעג אונטער די בוימער און צונויפקלויבען די פרוכטן עס פלעגט זיך אָנקלייבען גאַנצע עפיל און באַרנעס אין גאָרטען און יאָסעלע לעבט אב... קיינער זעהט נישט זיין פרייד. דאך קיינער פלעגט אויך נישט באַמערקען דאס וואס אין יונגעלס נשמה קומט פאָר, ווען עס קומט אַ סוחר אין גארטען און קויפט אָב די רויטע בערגלעך עפעל, עס פלעגט פּוסט ווערען דער גאָרטען פאַר איהם, אַזוי פוסט ווי מען

וואָלט איהם אַרויסרײַסען זיין יונג הערצעל. נאָר ער פלעגט שוויי־
גען. די מענשען זענען אַלע אַזעלכע הויכע, ווען זיי שטעהען אויף
די פיס, און ער ליגט אויף דר׳ערד, ער איז אַזאַ קלייניטשקער,
אַנ׳אויפגעדרעהטער...

צו „ביאַלוסען״ פלעגט ער זאגען:

— שוין באַלד ווינטער, ביאַלוס! און ער פלעגט זיך צוטו־
ליען צום קאָלטאָנעוואַטען הונד און שווייַגען. שווייַגען...

ווינטער איז איהם יאָסעלען פיעל ערגער געווען. אויפן גאַס
איז שניי און ווינט און נאַסקייט. ער קאן דאך אַנדערש נישט ווי
קריכען. ער געהט אויף די הענד און אויף די קניע — איז דאך
ווינטער אין נעץ אומעגלעך אַזוי צו קריכען. פלעגט ער זיצען אין
דערהיים און שטענדיג פרעגען בײַם עלטערן ברודער: „ווען וועט
שוין זיין פסח?״ אַמאל פלעגט דער טאַטע אַרויף טראָגען פון קע־
לער אַ קאָש עפעל, דאס לעצטע ביסעל, וואס עס איז איבערגע־
בליבען צום פאַרקויפען, און אַז יאָסעלע פלעגט עס דערזעהן,
פלעגט ער זיך דערמאָהנען דעם זומער און פרעהליכער פלעגט
איהם ווערען.

נאָר קיינער ווייס נישט ווען איהם איז פרעהליך צו אומע־
דיג. דאס יונגעל האט געוואַקסען אַ שוויַיגעדיגער אַ בייזער...

ער האט זיך אויסגעלערנט אַרויפצוקריכען מיט מאָדנע קונ־
צען אויף אַ שטול און ווינטער פלעגט ער שעה׳ן־לאַנג אָבזיצען
בײַם פענסטער, אויסבלאזען פאַר זיך אויף דער פאַרפרוירענער שויב
אַ קליין פענסטערל און אַרויסקוקען. מענשען לויפען פאַרביי, אַמאל
לויפט דורך אַ הונד, אַ בהמה פיהרט מען דורך.

— „אַלע האבען פיס״ — טראַכט יאָסעלע.

די קינדער שפילען זיך אונטער זיין פענסטער, זיי גליטשען
זיך און וואַרפען זיך מיט שניי. אַמאל טרעפט זיי מאַכען אַ מענש
פון שניי, אַ נאָז, און אַ מויל און אויגען פון שוואַרצען קויל,
נאָר די פיס קומען בײַם שנייענעם מענש אַרויס אַזוי אומגעלום־
פערט און גראָב, דאס ער קאן זיך נישט ריהרען פון אָרט. די קינדער
האבען שוין לאַנג פערגעסען דעם שנייענעם גולם, זיי זענען זיך שוין
צולאָפען, נאָר יאָסעלע זיצט נאך אַלץ בײַם פענסטער און קוקט
אויף איהם, ביידע זענען זיי קאַליקעס מיט אומגעלומפערטע פיס...

דעם לעצטען זומער האט זיך יאָסעלעס מאַמע פאַרקיהלט
אין גאָרטען, עס זענען געווען אַזעלכע ווינדטען און רעגענס, און
אין דעם שטרויערנעם בײַדעל האט שטאַרק אַרייַנגערונען. זי פלעגט

הוסטען און קרעכצען, אין הערבסט איז איהר ערגער געווארען, איז זי געגאַנגען צום דאקטאר, דערנאך איז שוין דער דאָקטאר געגאַנגען צו איהר.

איינמאל אינמיטען נאַכט, האט זיך יאָסעלע אויפגעכאַפּט אַ צושראקענער, ער האט דערזעהן, ווי דער טאַטע שטעהט אין אַ ווינקעל און וויינט, צום ערשטען מאל, האט ער דעם טאַטען געזעהן וויינען. ער איז צוגעקראכען נעהנטער און נישט געקאָנט דערגעהן וואס דא טהוט זיך: די מאַמע איז געלעגען אויף דער ערד, ווייס ווי קאַלך און נעבען איהר עטליכע שכנים. שפעטער אַביסעל האבען איהם די שכנים אַוועקגעטראגען אין אַ צווייטע שטוב; דארטען זענען שוין געווען זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך. זיי האבען שטיל געוויינט: „די מאַמע איז געשטארבען" האט יאסעלע געהערט.

אין דער פריה איז געווען די לויה, יאָסעלען האט מען געלאזען אין דער היים, ווייל ער קאן דאך נישט געהן; ער איז געשטאַנען ביים פענסטער און אַרויסגעקוקט, ווי דער עולם איז אַלץ ווייטער אַוועקגעגאַנגען מיט דער מטה...

שפעטער האט ער נישט אויסגעהאַלטען און איז אַרויסגעקראכען אויפ'ן גאַס.

ער האט אנגעהויבען גיך צו שפרינגען אויף די קניע, ער איז געקראָכען צום בית-עולם. עס האט לאַנג געדויערט, די הענד זענען ביי איהם געפרוירען געווארען און ער האט אַלץ געאיילט.

ווען ער איז געקומען צום ארט, איז שוין דער קבר געווען פאַרשאָטען, ער האט דעמאלט אַזויפיעל געוויינט, מען האט איהם נישט געקענט באַרוהיגען. ער האט זיך אַרויסגעריסען פון טאַטענס הענד און אַליין אַוועקגעקראָכען צוריק אַהיים.

פאַרנאַכט האט מען געמאַכט ביי זיי אין שטוב אַ מנין און די יונגע יתומים האבען געזאגט קדיש. דער טאַטאַ האט שוין ווידער געשוויגען, נאר ווען ער האט דערזעהן, ווי יאסעלע מאַטערט זיך מיט די הענד אנצושפאַרען צו דער וואַנד, כדי ער זאל אויך קאָנען זאגען קדיש, דאַן האט ער נישט אויסגעהאַלטען, דער אלמן, און ער האט זיך אויפ'ן קול פאַנאַנדערגעוויינט...

# אַנ׳אָנשיקעניש.

עס זענען פאַרהאַן נאָך צוויי משוגענע פרויען אין יאַנאָווצע, נאר יענע זענען נישט אַזוי פּאָפּולער ווי שרה-לאה.

„נוחעלע די פרומע” געהט די לעצטע צייט זעהר ווייניג פון שטוב אַרויס, פון צייט צו צייט בעווייזט זי זיך אין פענסטער און פּוֹיקט אין די שויבען און זאָגט תהלים אויפן קול און זעלטען ווען די גאַס-לאבוסעס נעהמען זיך רייצען מיט איהר.

נוחעלע, ווי מען זאָגט: „איז שוין אַריין אין לעבען” זי איז אַ געוועגליכע זאַך מיט איהר פּויקען אין פענסטער, מיט איהר תהלים זאָגען, אַזוי ווי מען איז צוגעוועגט מיט דעם רויש פון מאַרק-טאג׳ מיט דעם קלינגען פון די גלאָקען... אַזוי איז מען צו נוחעלע צוגעוועהנט.

די צווייטע משוגענע—נחמה—איז אייגענטליך קיין משוגענע נישט: „זי איז פאַרקלערט” און מער גאָרנישט.

שטענדיג שווייגט זי און אַז זי רעדט ווען אויס אַ פּאָר ווער-טער צו ווענמען, איז דאָס אַזוי שטיל, אַז מען הערט קוים.

זי געהט שטענדיג ריין אָנגעטהון, דאָס שייטעל גלאַט פאַר-קעמט, קומט אַריין אָפּט צו פריידעלען אין שניט-קראָם, זעצט זיך אַוועק און שווייגט. אַמאָל געפעלט איהר עפּעס אַ שטאָף, פרעגט זי ביי פריידעלין דעם פּרייז און דערביי שמייכעלט זי אַזוי מאָדנע, אַזוי שרעקענדיג... פריידעלע מיט די איבערינע ווייבער אין גע-וועלב, קוקען זיך איבער און ווינקען איינע צו דער צווייטער, שאָק-לען פערטרויערט מיט די קעפּ: „אַנ׳אונגליקליכע”.

די נחמה׳ל איז שוין אַזוי פערקלערט עטליכע יאָר. פון דעם ערשטען טאָג נאָך דער חתונה איז זי אַביסעל צומישט געוואָרען. עס האָט שוין אָבגעקאָסט אַסך געלדט, נאָר די דאָקטוירים קאָנען נישט פאַרשטעהן, וואָס דאָס איז פאַר אַ קרייענק. אַ מענש געהט אַרום פאַרקלערט און שמייכעלט, ווי אַ קינד, איין גאָט אין הימעל ווייסט, וואס דאס איז פאַר אַ שטראָף.

די אמת'ע משוגענע אין שטעדטעל איז שרה=לאה. דאס איז אַ שרעקליך אָנשיקעניש אויף אַלעמען, ערגער פאר אַ מגפה, ערגער פאר אַ שרפה, ווייל אַ מגפה, צו אַ שרפה פאַרגעהט און פון שרה=לאהן ווערט מען נישט פטור.

משוגע איז זי געוואָרען נאָכדעם, ווי איהר מאַן האָט זיך דערטרונקען, און איהר מאַן האט זיך דערטרונקען אָט דערפאַר.

נאָר דא מוז מען שוין עטוואָס דערצעהלען וועגען ר' בערען דעם גבאי, אַזוי האט מען גערופען שרה=לאה'ס מאַן.

ר' בער דער גבאי איז געווען אַ שטילער און פרומער מענש, נישט קיין אָרעמער בעל=הבית, נאר מיט אַ סך קינדער פון וועלכע ער האט געהאט ווייניג נחת: איין זוהן איז ערגעץ פאַרשיקט גע=וואָרען, דער צווייטער האט געגען טאַטענס ווילען חתונה געהאט און זיין איינציגע טאָכטער איז אַנטלאָפען פון דער היים מיט'ן שע=רער'ס זוהן. א-לאַנגע צייט האט מען פון איהר גאָרגישט נעוואוסט דערנאך איז מען דערגאַנגען, אַז זי לעבט אין אַרגענטינע און האט אייגענע הייזער און אַ סך ברילליאַנטען...

מען האט זיך גענומען שושקען איבער ר' בער'ס טאָכטער צווישען זיך האט מען גערעדט, אַז פון הימעל פאַלען קיין ברי=ליאַנטען מיט קיין הייזער ניט אַראב, און דערמאנט האט מען זיך אַז דא אין יאַנאווצע האט זיך ר' בער'ס טאכטער אויך נישט אַזוי, לייטיש אויפגעפיהרט.

און ר' בער איז טאַקי אַ פרומער יוד, און אַ בעשיידענער עהרליכער מענש, נאר אויב ער האט אַזאַ טאכטער, פאַסט נישט פאַר יאַנאווצע, דאס ר' בער זאל פערבלייבען גבאי.

זענען איינמאל פרייטאג בייטאג געקומען צו איהם צוויי אנגעזעהענע בעל'הבתים: ר' חיים מינץ און משה פרידמאַן, מען האט איהם אַרויס גערופען פון שטוב, אַוועק מיט איהם אונטערן שטעדטעל און גערעדט לאַנג, גערעדט און אַזוי זיך דיפלאמאַטיש איהם געגעבען צו פאַרשטעהן און ערקלערט אין רב'ס נאמען, אַז ער מוז זיך אבזאגען פון גבאות.

ר' בער האט זיך אבגעזאגט פון גבאות, נור קיינער ווייס נישט, וואס ער האט דעמאלט דורכגעלעבט. שבת נאכ'ן דאַווענען איז ער אַוועק צום טייך און זיך דערטרונקען.

און שרה=לאה זיין ווייב איז דאַן משוגע געווארען.

שרה=לאה איז אַ יודענע פון קרוב פופציג יאהר. אַ הויכע מיט אַ געזונטע פאר העמד און מיט אַ האַלז, וואס קאן שרייען

פון בעגינען ביז שפעט אין דער נאַכט אַריין און נישט מיד ווערען אין דערפריה געהט זי זיך גאַנץ רוהיג אַרויס אין גאַס אַריין און גיט יעדערן אב אַ ברייטען „גוטמארגען" טרעפט זיך אבער, אַז עמיצער ענטפערט נישט. דעמאלט הויבט זיך אן.

—הער זיך איין, יונגאַטש דו איינער, דו דערקענסט שוין נישט שרה־לאה די גבאי'טע. דיר פאַסט שוין נישט צו ענטפערן אויף איהר „גוטמארגען" און עס נעהמען זיך שיטען קללות. זי כאַפט אַרויס געבעקס פון אַ געוועלב און וויל נישט בעצאהלען, ווערט אַ גוואַלד. עמיצער דערלאַנגט איהר איבער די הענט, ענטפערט זי' מיט שטיינער און דערביי שרייט זי, זיי זאלען געהן צו איהר מאַן אויפן קבר, וועט ער זיי בעצאהלען, מען טאר זי נישט בעליידיגען· ווייל ווי נאר, עפענט זי איהר מויל; זי שאַנעוועט נישט קיינעם· אט געהט אַרויס שלמה דער קראַנקער מלמד און זאגט צו איהר, זי זאל נישט שרייען אַזוי אונטערן פענסטער, ווערט זי שטיל אויף אַ רגע, בעטראַכט איהם פון קאפ ביז די פיס און דערנאך הויבט זיך אן.

—וואס ווילסטו, שלמה סוכאטניק? שלמה הוסטער... וואס ווילסטו, מען גראבט דאך שוין אַ קבר פאַר דיר אויפן בית־עולם.

שלמה ווערט ווייס, ווי קאַלך און הוסט זיך פונאַנדער. דער סוידט נעמט איהם טאַקי שוועבען פאַר די אויגען.

אט זאגט אַמאל פריידעלע די שניט־קרעמערקע צו שרה־לאהן, זי זאל זיך נישט אַזוי נאַריש מאַכען, עס פאַסט נישט פאַר אַ געוועזענע גבאי'טע. מער האט מען נישט בעדאַרפט, זי איז צוגעשפרונגען צו פריידעלען, ווי אַ חיה און אַריינקוקענדיג איהר גוט אין פנים האט זי גענומען שרייען.

—און האבען „לובאווניקעס" פאַסט פאַר דיר? האַלפערזאנס בוכהאַלטערל געפעלט דיר? עס איז דאַן געווארען אַ טומעל, אַ סקאַנדאַל, מען האט זיי קוים פונאַנדערגעריסען.

אט אַזוי דערלאַנגט זי יעדערן, ווער עס גיט נאָר אויף איהר אַ קרומען בליק. די איינציגע וואס האבען נישט מורא פאַר איהר— זענען די פוהרמאַנעס. זיי רעכענען זיך אָב מיט איהר פאַר אַלעמען.

מען שטעהט אויפן מאַרק און אַרבייט. פאַרנעמט מען זיך מיט שרה־לאהן, און נישט איינמאל איז זי שוין אַוועק פון זיי מיט אַ געשוואלענע פנים און מיט „שיניאַקעס" אויף די הענט.

די לעצטע צייט האט זיך שרה־לאה „פאַרליבט" און טאַקי אין משה פרידמאַן — דעם נייעם גבאי.

משה פרידמאַן האט אַ גרויסן געוועלב, און האט שוין דער־וואַקסענע קינדער. שרה־לאה קומט צוגעהן יעדען טאג צום געוועלב און הויבט אן קאקעטירען:

— מיין מאַן — זאגט זי, איז געווען אַ גבאי, דו ביזט אויך אַ גבאי. מיין מאַן איז געווען אַ פרומער—דו ביזט אויך אַ פרומער, דעריבער מוזטו זיך גט'ן מיט דיין ווייב און חתונה האבען מיט מיר.

מען האט געלאַכט אין אנהויב פון שרה־לאה'ס נייע משוגעת נאר זי האט גענומען שטארק דערעסען. זי האט אנגעהויבען רעדען אַזעלכע רעד. מען האט נישט געקאנט איינזיצען אין קראם.

— צו וואס ?—זאגט זי בעדאַרפסטו האבען דעם „אויסגעדאַרטען שטעקען ? דאס איז אַ ווייב ? וואס ? גיב אַ קוק אויף מיר ווי געזונט איך בין און דערביי ווייזט זי אלעמען די נאקעטע הענט איהרע. און ווערטער ציניש, פרעכע פליהען פון איהר מויל איהר קראנקער מח ווערט אַלץ מער דערהיצט.

משה פרידמאַן קאן צוליב איהר די גאַס נישט דורכגעהן עס העלפען נישט קיין גוטע און בייזע רייד.

האט ער זיך מישב געווען און אנגעדונגען די פוהרמאַנעס.

די חברה זענען געקומען מיט די בייטשען איינמאל און אַ צווייטען מאל. זי האט זיך אויפגעהערט צו בעווייזען נעבען פרידמאַנ'ס געוועלב.

איצט שרייבט זי בריוועלאַך צו פרידמאַנען און פאַר אַלעמען בעריהמט זי זיך, אַז פרידמאַן וועט אינגיכען אַוועקוואַרפען זיין „שטעקען" און חתונה האבען מיט איהר, און זי וועט ווידער זיין גבאַי'טע.

די פוהרמאַנעס טהוען דערווייל זייערס; וואו זיי באַגעגענען שרה לאהן דערלאַנגט מען איהר אַ פאר קלעפ; „זי זאל שווייגען"

זי שווייגט אבער ניט. זי שעלט אַלעמען און שווערט זיך אַז זי וועט אונטערצינדען...

מענשען קוקען זיך איבער׳ אויף איהר איז אַלץ צו גלויבען איין האפנונג איז פאַרבליבען— די פוהרמאַנעס זאגען, אַז זיי וועלען זי אינגאַנצען פטר'ן...



# אינהאַלט:



